ל. בוימוואל.



ז. ראפעל.





# „לעבעדיג און לוסטיג"

קאָמישע אפּערעטע אין 4 אַקטען.



פּרייז 30 קאפּ.

פערלאַג פון בוכהאנדלונג
געברידער בלעטניצקי
אין אָדעססא.



ל. ראפעל.

ל. בוימוואל.

# „לעבעדיג און לוסטיג"

## קאָמישע אפּערעטע אין 4 אַקטען.



פֿערלאַג און אײַגענטהום פֿון געברידער בלעטניצקי אין אָדעססא.



אָדעסא, תרע"ד.
דרוק פֿון „קאָמערסאנט", אוספּענסקע 48.

268
UNIVERSITY LIBRARY

Л. БАУМВОЛЬ.

# „ЛЕБЕДИГЪ унъ ЛУСТИГЪ“

Оперетта въ 4-хъ дѣйствіяхъ.

**Изданіе и собственность Книжнаго магазина Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.**

ОДЕССА
Тип. „Коммерсантъ“ Успенская 48, тел. 31-85.
**1914 г.**

אַנאַ: קען איך זײַן, ערשט אויף די טרעפּ געהענדיג איז עס מיר אײַנגעפאַלען.

אַמאַליע: אויב ער איז אַ פײַנער מאַן וועט ער עס אָב־ברענגען. געה, אַנאַ, צו דער מאַדיסטין.

אַנאַ: איך וועל שוין היינט נישט געהן, איך בין נישט אויפגעלייגט. (טהוט זיך אויס דעם מאַנטעל).

## אויפטריט בערטא

בערטאַ: (נעמט ביי איהר צו דעם מאַנטעל) פרײַליין! אַ בריעף פון אידם.

## אויפטריט זיגמונד

זיגמונד: וואו איז מײַן צײַטונג? (בערטאַ דערלאַנגט) טאָכטער ביזט נישט געגאַנגען צו דער מאַדיכטין? דער מאַלער וועט קומען און דו וועסט נישט האָבען דעם קאָסטיום? (צו בערטאַ'ן) וואָס שטעהסטו?! (בערטאַ אָב)

אַנאַ: איך בין נישט אויפגעלייגט, איך געה אין מײַן צימער (אָב)

זיגמונד: דו ביזט נישט אויפגעלײַגט?! (וויל איהר נאָך געהן)

אַמאַליע: לאָז צורוה דאָס קינד איך וועל שיקען נאָך דער מאַדיסטין, זי זאָל אַהער קומען.

## אויפטריט בערטא

בערטאַ: אַ הערר, פרעגט אויף אײַך.

זיגמונד: ווי הײסט ער?

בערטאַ: דאָס האָט ער ניט געזאָגט, ער ווײַזט אויס זעהר רײַך, ער זעהט אויס ווי אַ דאָקטאָר.

זיגמונד: (שפּרינגט אונטער) ווי אַ דאָקטאָר!

בערטאַ: פון זײַן קראַוואַט בלישטשעט עפּעס.

זיגמונד: אַ דאָקטאָר וואָס בלישטשעט! און איך געה נאָך אין שלאָף־ראָק! אַמאַליע דו וועסט איהם דערווײַל אויפנעמען.

אַמאַליע: איך?...

זיגמונד: וואָס? האָסט מורא פאַר אַ דאָקטאָר?

אַמאַליע: מורא? וואָס איז ער קיין מענש נישט? לאָז איהם אַרײַן. (בערטאַ אָב).

זיגמונד: נו איך געה עפּעס כאַפּען אויף זיך און דו האַלט איהם דער־ווײַל אויף (אָב).

## אויפטריט בערטא, בערנארד.

בערנאַרד: איהר וועט מיר ענטשולדיגען. (קוקט זיך אַרום) שיינט מיר אַז איך האָב אַ טעות געהאַט, געהענדיג אויף דער גאַס...

אַמאַליע: האָט איהר געווים געפונען מיין טאָכטער'ס מעדאַליאָן?

בערנאַרד: האָב איך שוין נישט קיין טעות. (גיט דעם מעדאַליאָן) איך שעץ מיך גליקליך, וואָס...

אַמאַליע: אָה, איך דאַנק אייך זעהר.

בערטאַ: (אין אַ זייט) אַ שעהנער יונג ווי גאָלד.

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד (אין ראָק, בעגריסט זיך, ווינקט צו בערטאַ'ן זי זאָל אַוועקגעהן)

בערטאַ (אָב).

זיגמונד (ווינקט צו אַמאַליע'ן זי זאָל אויך אַוועקגעהן).

אַמאַליע: דער הערר איז געוועזען אַזוי פריינדליך און...

זיגמונד: איך וועל שוין מיט דעם הערר אליין רעדען. (ווינקט).

אַמאַליע: ענטשולדיגט. (אָב)

בערנאַרד: האָב איך די עהרע מיט דעם הערר זיגמונד געלרזאק?

זיגמונד: מיין נאָמען איז געלרזאק, זיצט.

בערנאַרד: איהר וועט מיר ערלויבען פאָרשטעלען זיך, מיין נאָמען איז בערנארד קאַץ.

זיגמונד: שאַץ! זעהר אַנגענעהם, זיצט.

בערנאַרד: פּאַרדאָן, נישט שאַץ, נור קאַץ.

זיגמונד: גאָר פראָסט קאַץ? (רוקט צוריק דאָס בענקעל) אלזאָ הערר קאַץ, וואָס ווינשט איהר?

בערנאַרד: אייער טאָכטער האָט געהאַט דאָס אומגליק צו פערלירען איהר מעדאַליאָן און איך האָב געהאַט דאָס גליק צו געפונען.

זיגמונד: אַזוי? האָט איהר עס געפונען? זיצט הערר...

בערנאַרד: קאַץ, בערנארד קאַץ, רייזענדער פון דער פירמע „סמידלער" אוים לאָדז.

זיגמונד: אַ רייזענדער גאָר? (רוקט אָב דאָס בענקעל) איהר זענט שוין לאַנג אַ רייזענדער?

בערנאַרד: זייט דריי יאָהר. איהר ווילט אַ פרייז-קוראַנט?

זיגמונד: גיט אַהער אַ פרייז קוראַנט.

בערנאַרד: מיט פערגעניגען. (זוכט אין טאַש).

## אויפטריט בערטא.

**בערטאַ** (זוכט עפּעס, קוקט צו בערנאַרד'ן און שמייכעלט).

**בערנאַרד** (קוקט אויף איהר, שיקט איהר אַ לופט-קיש אין דער זעלבער צייט ציהט ער פערטראַכטערהייד אַרוים פון בוזעם טאַש אַ פּאָרט-סיגאַר און גיט זיגמונדען).

**זיגמונד:** וואָס איז דאָס אַ סיגאַרען-טאַש? און וואָס איז דאָס פאַר אַ מאָנאָגראַם?

**בערנאַרד:** (ווינקט זיך איבער מיט בערטאַ'ן דורך דער צייט וואָס זיגמונד קוקט אויפ'ן פּאָרט-סיגאַר) דאָס מיידעל איז אַנ'אַנטיקעל.

**בערטאַ** (געהט אָב אונבעמערקט).

**זיגמונד:** וואָס איז אַנ'אַנטיקעל?

**בערנאַרד:** דעם שפּיגעל מיין איך.

**זיגמונד:** יאָ, דאָס איז אַ קונסט-אַרבייט, קאָסט איבער צוויי טויזענד.

**בערנאַרד:** (בערנאַרד בעמערקט זיין פּאָרט-סיגאַר ביי זיגמונד'ן) האַ ווייזט אוים איך האָב געהאַט אַ טעות, פאַרדאָן. (זוכט אין טאַש) וואו האָב איך אַהין געטוהן מיין פּרייז-קוראַנט?

**זיגמונד:** וואָס איז דאָס פאַר אַנ-אויפשריפט?

**בערנאַרד:** דאָס איז פון דאָקטאָר שאַץ.

**זיגמונד:** איזידאָר שאַץ?

**בערנאַרד:** יאָ, (רעדט זוכענדיג אין טאַש) מיט אַ צייט צוריק בין איך געוועהן אַנ-אַגענט פון פערשידענע מינעראַל-וואַסערען וועלכע איך פלעג דעם דאָקטאָר צושטעלען אין זיין הייל-אַנשטאַלט, צו יענער צייט האָט ער מיר דעם אויפשריפט געלאָזט אויסקריצען אַלס אָנדענקען, דעם פּרייז-קוראַנט האָב איך געלאָזט אין אויבער-מאַנטעל, (ענטשולדיגט זיך געהט אין קאָרידאָר זוכט אין מאַנטעל).

**זיגמונד:** אַ דאָקטאָר האָט געשענקט אַ רייזענדער אַ גאָלדענעם אויפשריפט ניין, דאָס איז עפּעס נישט גלאַטיג (ווי עס וואָלט איהם איינגעפאַלען אַגעדאַנק) דאָס בענעהמען זיך, זיין האַלטונג, זיין פיינקייט, מיך וועט מען שוין ניט נאַרען, אַהאַ איך פערשטעה, אַזוי ווי איך האָב דעם דאָקטאָר שאַץ נישט צוגעשיקט מיין טאָכטער'ס בילד, האָט ער געשיקט דעם פּליימעניק אַליין ער זאָל זי זעהן, ער האָט עס אָבער גוט אָבגעאַרבייט דער אַלטער, נור זלמן'ן, זיגמונד'ן, מיין איך, נאַרט מען ניט, איך פערשטעה אַז דער פּרייז-קוראַנט איז אויך נישט מעהר ווי אַנ-אויסרייד.

# אויפטריט בערנארד.

בערנאַרד ; איהר וועט מיר ענטשולדיגען, איך האָב דעם פּרייז-קוראַנט פערגעסען אין האָטעל.

זיגמונד : (צו זיך) אהא, וואָס האָב איך געזאָגט ?

בערנאַרד : איך קען איהם בּאַלד בּרענגען (וויל אָב).

זיגמונד : נישט נויטיג, איהר וועט שוין אַ צווייטען מאָל בּרענגען, זיצט.

בערנאַרד ; איך דאַנק אייך... איך... איך...

זיגמונד : ניין, איהר מוזט זיך זעצען, איך בּעט אייך רערצעהלט מיר, איך בּעט אייך ווי אַזוי האָט איהר געוויסט אַז דער מעדאַליאָן געהערט צו מיין טאָכטער ?

בערנאַרד : ער איז בּיי איהר אַרויסגעפאַלען ווען זי איז פון דאַנען אַרויס-געגאַנגען.

זיגמונד : זאָגט זשע מיר ווי געפעלט אייך דאָס מיידעל ?

בערנאַרד : דאָס מיידעל ? (צו זיך) וועלכעס מיידעל ? (הויך) זעהר.

זיגמונד : הערט זשע הערר שאַץ.

בערנאַרד : פּאַרדאָן, קאַץ איז מיין נאָמען.

זיגמונד : אַלץ נאָך קאַץ ? חע-חע-חע אפשר פאָרט שאַץ ?

בערנאַרד : אַז איך פערזיכער אייך קאַץ.

זיגמונד : נו זאָל זיין שאַץ אָבער איהר זענט געקומען בּעקענען זיך מיט'ן מיידעל ?

בערנאַרד : בּעקענען זיך מיט'ן מיידעל ? יאָ, פאַר וואָס נישט ?

זיגמונד : און איהר ווילט אַז דערווייל זאָל מען נאָך ניט וויסען אַז...

בערנאַרד : וויסען... ס'הייסט (צו זיך) וואָס מיינט ער ? (הויך) יאָ !

זיגמונד : איהר וועט בּיי מיר אַלץ פּועלען, (צו זיך) אַז זי וועט איהם געפעלען, דאָס בּין איך זיכער. הערט, איהר ווייסט וואָס מיר איז איינגעפאַלען ? די גאַנצע צייט זוך איך פאַר זיך אַ בּוכהאַלטער, ווייסט איהר וואָס? בּלייבּט איהר מיין בּוכהאַלטער (צו זיך) אָט דאָ האָב איך געפּאַקט דעם פויגעל, איך וועל זעהן ווי אַזוי ער וועט זיך אַציִנד אַרויס-דרעהען.

בערנאַרד : אַ בּוכהאַלטער ? אַ שאַד אָבּלאָזען מיין יעצטיגען פּאָסטען, הערר געלדזאַק ! איהר געפעלט מיר זעהר און בּיי אייך וויל איך זיין בּוכהאַלטער.

זיגמונד : חע חע... איהר ווילט זיין מיין בּוכהאַלטער ? חע-חע...

בערנאַרד: אויף ווי לאַנג אַנגאַזשירט איהר מיך?

זיגמונד: אויף ווי לאַנג איהר ווילט נור אַליין חע-חע...

בערנאַרד: (דריקט איהם די האַנד) זעהר גוט.

זיגמונד: איהר קענט שוין פאָהרען ברענגען אײַערע זאַכען פון האָטעל, און היינט וועט איהר עסען מיטאָג צוזאַמען מיט אונז ביים טיש.

בערנאַרד: איך דאַנק אײַך זעהר.

זיגמונד: (קלאַפּט איהם און פלייצע) נישט קשה פאַר אַזאַ בוכהאַלטער מעג מען אַלץ מוהן... חע... חע... חע... קאָץ הייסט ער גאַר חע...חע...חע...

בערנאַרד: (לאַכט מיט) צום ווידערזעהן.

זיגמונד: איך ערוואַרטע אײַך באַלד.

בערנאַרד: יאָ, איך קום באַלד (אָב).

זיגמונד: (שרייט איהם נאָך) אדיע! (צו זיך) קאָץ הייסט ער גאָר. זלמנ'ען זיגמונד'ן מיינט ער וועט ער נאַ־ען, חי-חע-חע. (קלינגט)

## אויפטריט בערטא (מיט אַ האַנדטוך)

בערטאַ: וואָס ווילט איהר?

זיגמונד: ביזט מיר עפּעס צו שנעל געקומען? ביזט אוראַי געשטאַנען אונטער דער טיהר און זיך אַלץ צוגעהערט.

בערטאַ: איך פוץ די שלעסער.

זיגמונד: ברענג מיר אַריין מיין הוט און שטעקען, איך דאַרף אַיועקגעהן.

בערטאַ: (צו זיך) אַ מחיה, ער געהט אַוועק. איך ברענג שוין. (אָב)

זיגמונד: (פּערקעמט זיך ביים שפּיגעל).

## אויפטריט אנא.

אַנא: פּאַפּאַ! דו געהסט אַוועק?

זיגמונד: יאָ, איך געה אַוועק. וועגען וואָס פרעגסטו?

אַנא: איך וויל דו זאָלסט מיר ב־ענגען גוטע זאַכען.

זיגמונד: יאָ, היינט ברענג איך דיר שוין גאָר אַ גוטע זאַך.

אַנא: אַדיע, פּאַפּאַ! (צו זיך) ער געהט אַוועק, זעהר גוט. (אָב)

זיגמונד: דאַנקען גאָט, אָט וועל איך יוערען אַ דאָקטאָר'ס אַ שויער און אַ דאָקטאָר'ס אַ מחותן. חע-חע... דאָס איז געוועזן אַנ'אײַנפאַל, אַ בוכ-האַלטער וועט ער ביי מיר זיין. חע-חע-חע... (פון צווייטען צימער הערט זיך זינגען „קום שוין, קום שוין פּיינער בחור") קוים מען הערט מיט אַמאָל אַ נייע מעלאָדיע. (זינגט נאָך און טאַנצט זיך צו) „קום שוין, קום שוין פּיי-נער בחור", טאַ-ראַ-ראַ-ראַ-ראַ...

## אויפטריט בערטא. (מיט'ן הוט און שטעקען)

**בערטא** (שטעלט זיך אונטער איהם און טאנצט מיט).

**זיגמונד:** (דרעהט זיך אויס) פאר וואס האט מען נישט צוגענומען דעם ליטער? (אב).

(ארקעסטער שפיעלט „קום שוין, קום שוין פיינער בחור).

**אנא, בערטא** (טאנצען ארײן פון ביידע זייטען).

## אויפטריט זיגמונד.

**אנא, בערטא** (בלייבען שטעהן ווי צעמישטע, אנא קוקט מיט שרעק אין פענסטער).

**זיגמונד:** איך האב שיעור ניט פערגעסען, זאג מיין פרוי אז מיר וועלען היינט האבען צו מיטאג א גאסט ביים טיש. (אב)

**בערטא:** איך האב מורא זיי זאלען זיך נישט בעגעגענען.

**אנא:** ווער? מיט וועמען?

**בערטא:** איך מיין אייער פאטער מיט אייערען.

**אנא:** פון וואנען ווייסטו אז ער דארף קומען?

**בערטא:** א פראגע פון וואנען בערטא ווייסט, בערטא ווייסט אלץ, איך האב דאך געהערט „קום שוין, קום שוין שעהנער בחור" א. ז. וו.

**אנא:** אז דו ווייסט זאלסטו האלטען דאס מויל.

(פון דרויסען הערט מען סעמקען זינגען)

קום שוין, קום שוין, שעהנע כלה
קום ארויס צו מיר,
א כפרה מעגען אלע
מיידלעך זיין פאר דיר.

**אנא:** בערטא, אצינד דארף איך דיך שוין ניט.

**בערטא:** איך פערשטעה. (אב)

## אויפטריט סעמקע.

**סעמקע:** טייערע, האב איך געהאט אצינד הארצקלאפעניש אויף די טרעפ.

**אנא:** האסט זיך בעגעגענט מיט מיין פאטער?

**סעמקע:** בעגעגענט, אבער גליקליכער-ווייזע האט ער מיך נישט בע-מערקט. אבער זאג מיר, טייערע מיינע, וואס ביזטו אזוי טרויעריג? האסט שוין דא אודאי געהאט צו טהון מיט'ן טאטען?

**אנא:** דו פרעגסט נאך?

**סעמקע:** אוי די טאטעס!

**אנא:** די מאמע זאגט אז ער מיינט נור מיין טובה.

סעמקע: שטענדיג מײנען זײ נור דעם קינד'ס טובה. אוי די טאַטעס, די מאַמעס, עס װאָלט שױן צײַט געװען, אַז מיר, קינדער, זאָלען זיך נישט לאָזען פון זײ אַזױ פיעל דריקען און מיר זאָלען אַלײן, אַלײן זאָלען מיר, זאָלען מיר אַלײן...

אנאַ: װאָס זאָלען מיר?

סעמקע: װערען טאַטאַס און מאַמעס! אָבער דאָך דאַרפסטו נישט טרויע־ריג זײַן, נעם דיר אַ בײַשפּיעל פון מיר, איך בין קײנמאָל נישט טרויעריג, שטענדיג בין איך לעבעדיג.

## 5. דועט.

סעמקע: דו נעם אַבײַשפּיעל זיך אַראָב פון דײַן געליעבטען
דו װײסט געװיס איך מײן דאָס טאַקע מיך אַלײן,
דו זעהסט איהם דאַכט זיך, לעבעדיג ניט קײן בעטריעבטען
דו האָסט קײן אורזאַך נישט אַזױ פיעל טרויעריג זײַן.

אנאַ: איך בין נישט טרויעריג, כ'קען דיר הײליג דאָס צו שװערען
װער שמועסט אַז דו מײַן סעם בּיזט נאָך נעבען מיר,
די גרעסטע לײדען קענען באַלד פערגעסען װערען
אַז מען פערברענגט אַ צײַט נור מיט דיר.

סעמקע: אַצינד איז דאָך די בעסטע צײַט
דער טאַטע איז אַװעק שױן װײַט.

אנא: גלײַך װי ער האָט פערמאַכט די טיהר
גערופען האָב איך דיך צו מיר.

בײדע: איך לאַך איך טאַנץ איך שפּרינג
זאָרגלאָז פרעהליך אָהן אַשום שרעק,
פערגעסען װערט אַלסדינג
װען דער טאַטע געהט נור אַװעק.

אנא: אַצינד איז דאָך אַ שאָד די צײַט אומזיסט פערלירען
דען װען דער טאַטע קומט צוריק נור אײן גאָט װײס,
מיר װעלען פרעהליך זיך צוזאַמען אַמוזירען
װי זאָגט די װעלט, שמיעד דאָס אײַזען װי לאַנג ס'איז הײס.

סעמקע: איך זיץ אין צימער דאָרט בײַ מיר און טראַכט מײַן אנאַ
איז אַרעסטירט, איהר טאַטע געהט שױן נישט אַרױס,
נור פּלוצים הער איך דײַן סיגנאַל שױן אויף דער פּיאַנאַ
און שנעל נור װי אַ בליץ לויף איך צו דיר אין הויז.

אנא: מײַן סעמעלע מײַן האַרץ מײַן גליק
אַט דאָס געפעלט מיר אַנ׳אַנטיק.

סעמקע: זאַט גיעב איך אויף אַוואוילען פלאַן
מיר וועלען טאַנצען אַ קאַנ־קאַן.

טאַנץ. (נאָך געזאַנג אָב).

## אויפטריט בערטא.

בערטא: (קוקט אין שליסעל־לאָך).

## אויפטריט זיגמונד, אדאלף.

זיגמונד: וואָס שטעהסטו?

בערטאַ: (שפרינגט אָב דערשראָקען) ע... גאָרנישט איך ריינינ דעם שלאָס (אָב).

זיגמונד: פון וואַנען זשע האָט איהר געוויסט אַז איך זוך אַ מאַלער?

אדאלף: איך האָב געלעזען די צײַטונג.

זיגמונד: אַזוי! די צײַטונגען שרײַבען שוין וועגען דעם?

אדאלף: איהר האָט דאָך געגעבען אַנ׳אַנאָנס.

זיגמונד: אהאַ! איך האָב טאַקע געגעבען אַנ׳אַנאָנס, הערט זשע, איך וויל לאָזען מאָלען מײַן קינד, אין וואָס פאַר אַ קאָסטיום ראַט איהר מיך, זאָל איך לאָזען מאָלען מײַן קינד?

אדאלף: אַקינד מאָלען, אַ קינד איז אַמשענכטען אין נאַכט־העמדעל.

זיגמונד: וואָס רעדט איהר? מײַן קינד איז שוין אַ מערכען פון 18 יאָהר.

אדאָלף: (צו זיך) אַ היבש קינד, (הויך) נו אויב אַזוי מאָלט זי אין אַ העל בלויען קאָסטיום מיט ווײַסע רויזען בעפוצט.

זיגמונד: אַזאַ קאָסטיום האָט זי זיך טאַקע בעשטעלט.

## אויפטריט בערטא, מאלער׳ס, מאלערינ׳ס.

זיגמונד: ווער זענען זיי?

אדאָלף: וואָס ווילט איהר דאָ?

1-טער: מיר זענען שוין דאָ אײַנמאָל געוועהן, נור דער מאַלער לעבעדיג איז דאָ געוועהן און האָט אונז געזאָגט, אַז די בעשטעלונג האָט ער אָנגענומען.

זיגמונד: נײַן, דאָס קײַנמאָל נישט.

2-טער: דאָס האָבען מיר זיך טאַקע דערוויסט איז קאַפּע הויז וואו איהר האָט מיט איהם גערעדט (ווײַזט אויף אַדאָלפ׳ן).

1-טער: אַז איהר דאַרפט אַ מאַלער,

2-טער ; און אויב איהר דארפט שוין יאָ אַ מאלער

אלע : זענען מיר (אלע) אויך מאלער׳ס.

## אויפטריט סעמקע, אנא.

סעמקע, אנא ; (דערזעהען זיגמונד׳ן לאָזען ארויס אַ געשריי).

זיגמונד : (פּאָכעט איהם מיט׳ן צילינדער איבער׳ן פּנים) וואָס טוהט איהר דאָ ?

סעמקע : איך בין אייך געקומען פרעגען, אויב איהר ווילט מיך פּאַר אַנ׳אייךעם.

זיגמונד : וואו איז מיין שירם וואָס איהר האָט נעכטען צוגעכאפּט ?

סעמקע : אייער שירם ווערט איהר ״ירשינען״ דאן בעקומען, ווען איך וועל חתונה האָבען מיט אייער טאָכטער אנא׳ן.

זיגמונד : איהר וועט דארפען אביסעל צו לאנג ווארטען.

סעמקע : פאר מיר וועט עס טאקע זיין שלעכט, אָבער פאר אייך נאָך ערגער... וויל אַזוי לאנג ווי איך וועל ניט ווערען אייער אייךעם וועט איהר פון מיר האָבען אזעלכע געברענטע צרות, אז איהר וועט פערשעלטען דעם טאָג וואָס איהר זענט געבוירען געוואָרען.

זיגמונד : דאָס וועלען מיר שוין זעהן.

סעמקע : שרייט נישט, לאָזט מיך צוערשט אויסרעדען, אין פערשיעדענע מאסקעס וועל איך אייך פערפאָלגען, קומט אריין דער בריעפ־ טרעגער, זאָלט איהר וויסען אז דאָס בין איך, ברענגט אייך דער מילך־יונג מילך, זאָלט איהר וויסען אז דאָס בין איך, אפילו דער קוימענקעהרער בין איך אויך, קומט איהר אריין אין אַ רעסטאָראַן, זאָלט איהר וויסען אז דער קעלנער בין איך, אין טראַמוויי—דער קאָנדוקטאָר—בין איך, וואו איהר וועט זיך קעהרען און ווענדען וועט איהר מיך טרעפען.

זיגמונד : (פּאָכעט מיט׳ן צילינדער) ארויס פון מיין שטוב!

סעמקע : יאָ איך געה, אָבער געדענקט, אז איהר האָט עס מיט מיר אָנגעהויבען, איך הייס סעמקע לעבעדיג, אָבער איהר וועט ביי מיר נישט הייסען זיגמונד געלרזאַק מיט׳ן גראָבען בויך, נור ווי איהר האָט אַמאָל געהייסען: זלמן קישקע דער וואורשטענמאַכער אַריע!

(חאפּט דעם צילינדער).

זיגמונד : (יאָגט איהם) מיין צילינדער!

אנא : פּאַפּאַ!

בערטא : מיין הערר!

**אויפטריט בערנארד** (מיט צוויי טשעמאָדאַנעם).

**סעמקע** (טאַנצט איבער'ן טיש, שפּרינגט בערנאַרד'ן אויפ'ן פוס).

**בערנארד** (טאַנצט אין דער הויך, שרייט).

**סעמקע** (שפּרינגט אַרויס דורכ'ן פענסטער).

## אויפטריט אמאליע.

**אמאליע:** וואָס איז געשעהן? (לויפט נאָך זיגמונד'ן).

## 6. כאָר.

**כאָר:**
אָט לעבעדיג דאָס איז אַ יונג
אַ ברען, אַ חוואַט ער קען אַלדינג,
אָבהאַלטען איהם וועט קיינער מעהר
אויספיהרען וועט שוין זיכער ער.

**סעמקע:**
הערר געלדזאַק הערט, איך רעד קיין סאַך
איהר מיינט איך שרייען ניין און ניין,
נישט העלפען וועט אייך דאָ קיין זאַך
אייער אנא וועט נור מיינע זיין.

(כאָר ווידערהאָלט).

**אנא:**
איך בעט דיך פאָטער זיי אַ גוטער
עס בעט דיין טאָכטער יעצט ביי דיר,
דו קענסט אויך פרעגען ביי דער מוטער
אויב סעם איז נישט געפּאַסט פאַר מיר.

**בערטא:**
איך בעט אייך הערר, אַ זייט קיין שלעכטער
נו טוהט צוליעב שוין איהר אַצינד,
צי האָט איהר דען אַזוי פיעל טעכטער
זי איז דאָך אייער איינציג קינד.

(כאָר בים).

**כאָר:**
עס הייבט זיך אָן שוין אויף דאָס ניי
ער טרייבט איהם ווידער שוין אַרויס,
צוריק קומען וועט ער סיי ווי סיי
ער לאַכט זיך פון זיין טרייבען אויס.

**זיגמונד:**
אַזאַ קבצן אַזאַ שנאָרער
נעמט זיך אין זיין קאָפּ אַריין,
דאָס הייסט חוצפה, דאָס הייבט פרעכהייט
זיגמונד'ס איידעם וויל ער זיין.

**כאָר:** אזא קבצן אזא שנאָרער
זיגמונד'ס איידעם וויל ער זיין,
דאָס הייסט טאַקי חוצפה, פרעכהייט
חאַ-חאַ חאַ-חאַ-חאַ-חאַ-חאַ-חאַ-חאַ.

**סעמקע:** הערט מיך אוים אַ קליינע ווײַלע
ווערט איהר שוין פערשטעהן במילא,
ווער איך בין און וואָס איך בין
נעהמט עס אייך נור גוט אין זין,
חאָטש איך האָב קיינמאָל קיין געלט
דאָך איז מיין די גאַנצע וועלט,
פעלדער, וועלדער, באַרג און טאָל
הימעל שטערען אָהן אַ צאָל,
וואָס אַלץ נור דאָס אויג דערזעהט
און וואָס נור דער געדאַנק פערשטעהט,
פון דעם קליינעם שמעטערלינג
ס'שוועבט אין פריהלינג לייכט און גרינג.

**כאָר בים:** ביז דעם הימעלס פייער-ראַנד
ווערט בעהערשט פון קינסטלער'ס האַנד,
פירסטען וואַרטען פאַר מיין טיהר
קינסטלער בין איך, קניהט פאַר מיר.

(די מאַלער'ס פערציהען גירליאַנדען איבער דער ביהנע און דער ברייט. די מאַלערינ'ס וואַרפען סערפאַנטין איבער די גירליאַנדען).

פאָרהאַנג.

## ענדע ערשטער אקט.

# צווייטער אקט.

(דאָס זעלבע צימער ווי אין ערשטען אקט. רעכטס ביים אוואנס שטעהט א מאַל-ברעט מיט מאַל-געצייג. בערטאַ פוצט דאָס מעבעל).

7. קופלעט.

בערטא: כ׳בין אַ מיידעל זעהר א שטילע
כ׳האָב קיין טענות נישט צו קיינעם,
כ׳האָב געליעבט שוין יונגלעך פיעלע
און דערוויל האָב איך קיין איינעם.
אלע זאָגען מיר צו—וועלטען
יעדער וואָלט מ׳ך נור געקושט,
נור צו ליעבע קומט עס זעלטען
כ׳בין קיין נאַר אין לאָז זיך נישט.
שטענדיג טאָג אין נאַכט
ווייסט איהר וואָס איך ט־אַכט?
ווען די מוהמע ליעבעלע זאָל וועלען
גאַנץ לייכט איז דאָס ביי איהר,
אַז איך זאָל אַ בחור שטאַרק געפעלען
און ער דאָס זעלבע מיר.
אוי, ווי גוט און פיין
וואָלט מיר דאַמאָלס זיין,
אַז די מוהמע ליעבעלע
מישט זיך אין אַלצרינג,
אוי די מוהמע ליעבעלע
ביי איהר איז אַלעס גרינג.
אוי די מוהמע ליעבעלע
פאַר איינעם בויעט זי אַ שטיעבעלע,
פאַר׳ן צווייטען גראָבט זי אַ גריעבעלע
אוי די מוהמע ליעבעלע. (אָב)

## אויפטריט אנא.

אנא: ביי אונז גרייט מען זיך הײנט, מען ערווארט, ווייזט אויס, א גאסט, אבער וואס געהט עס מיך אן?

## אויפטריט אמאליע.

אמאליע: טאכטער מײנע, פאר וואס געהסטו זיך נישט איבערטהון? א טאכטער דארף פאלגען א טאטען.

אנא: דו זאלסט זיך גארנישט איינרעדען, ווען די גאנצע שטוב זאל זיך אפילו איבערקערהען, איך וועל מיט קיין אנדערען נישט חתונה האבען, נור מיט סעמקען.

אמאליע: אבער אנא, דו קענסט דאך דיין טאטען, אז ער שפארט זיך איין העלפט שוין קיין זאך נישט און ער מוז זיינס אויספיהרען.

אנא: דאס מאל וועט ער שוין נישט אויספיהרען. ער האט הײנט גע-בראכט א נייעם מאלער ער זאל מיך מאלען, ער האט שוין אויך געשיקט דאס מאל-געצייג מיט די פארבען, אבער ער זאל זיך גאר-נישט איינרעדען, ביי דעם מאלער וועט „ער" זיך מאלען. מיך וועט מאלען סעמקע, אויב נישט ער—וועל איך זיך גאר נישט מאלען.

אמאליע: וואס רעדסטו, אנא! דער פאפא האט מיר געזאגט, אז דער נייער מאלער... ווי איז זיין נאמען? יא, אדאלף לוסטיג, איז א גרו-סער קינסטלער, ער מאלט אין די רייכסטע אריסטאקראטישע הייזער.

אנא: אין די רייכסטע אריסטאקראטישע הייזער? ווי זשע קומט ער צו א ווארשט-מאכער?

אמאליע: ווי איך זעה, וועל איך מיט דיר גאר נישט מאכען, דו ביזט פונקט אזוי איינגעשפארט ווי דיין פאטער. מהוט זיך בײדע וואס איהר ווילט, איך וועל זיך שוין גאר נישט מישען. (שנעל אב)

## אויפטריט בערטא.

בערטא: א בריעף פון איהם.

אנא: (לעזט דורך) איך פערשטעה נישט, נאך אמאל. (לעזט) „דער מאלער אדאלף לוסטיג וואס דארף דיך מאלען, האט מיך אבגעטרעטען זיין פלאץ, איך וועל מיך מאסקירען און דיך מאלען אויף זיין ארט, פערראט מיך נישט, מיר וועלען שוין צוזאמען אלדינג איבעררעדען. דיין סעם לעבעדיג". — וואס דער מענש קלערט אלץ אויס. דאס איז א קלוגער איינפאל, חא-חא.

בערטא: איך האָב געהערט אַז אייער חתן ציהט זיך דאָ אריין צו אייך.

אנא. מיין חתן? וואָס פאַר אַ חתן?

בערטא; דער וואָס האָט פריהער געבראַכט זיינע משׁעמאָראַנעס.

אנא. דו מיינסט דעם נייעם בוכהאַלטער?

בערטא. בוכהאַלטער? (לאַכט) איך האָב היינט צוגערוימט די שטוב, האָב איך געהערט ווי אייער פאַפּאַ מיט דער מאַמען האָבען גערעדט, אַלץ האָב איך נישט געקענט הערען, ווייל אייער פאַפּאַ האָט מיך באַלד משלח געווען, נור וויפיעל איך האָב געקענט דערגעהן איז דאָס, אַז דער יונגער־מאַן, וועלכען אייער פאָטער האָט פאַרגעשטעלט פאַר אַ בוכהאַלטער איז אייער חתן, און ער איז גאָר אַ דאָקטאָר, זיין נאָמען איז קאַץ.

אנא. ווי? קאַץ? אַ שעהנער נאָמען—קאַץ! און ער וויל איך זאָל מיט איהם חתונה האָבען?

בערטא. אַזוי וויל ער. איך האָב עס אַליין געהערט הינטער דער טיהר מיט מיינע אייגענע אויערען. (עס הערט זיך אַ קלינג) מ׳קלינגט. (אָב)

אנא. איך געה אַריין צו דער מאַמען און זי וועט שוין מוזען מיר אַ קלאָרען ענטפער געבען. (לאָזט זיך געהן)

## אויפטריט סעמקע. (פערקליידעט אלס אַדאָלף)

אַנאַ: וואָס ווינשט איהר מיין הערר?

סעמקע: אַ קליינינקייט.

אַנאַ: מיט וואָס קען איך אייך דיענען?

סעמקע: מיט אַלסדינג.

אַנאַ: איך פערשטעה אייך נישט?

סעמקע: איך פערשטעה אייך זעהר גוט...

אַנאַ: קען איך וויסען ווער איהר זענט און וואָס איהר ווילט דאָ?

סעמקע: (בייט די שטימע) איך וויל רעדען מיט דעם הערר געלדזאַק דעם וואורשטען־מאַכער.

אַנאַ: מיין הערר! איך ערלויב אייך נישט צו בעליידיגען מיין פאָטער.

סעמקע: פאַר דעם אמת דאַרף מען זיך נישט בעליידיגען, און איהר זענט זיין טאָכטער? גאַר נישט געראָטען אין איהר פאָטער, איהר זענט זעהר סימפּאַטיש. (גלעט זי)

אַנאַ: מיין הערר! זאָגט מיר וועמען זאָל איך מעלדען?

סעמקע: אַדאָלף לוסטיג.

אנאַ: אויב אַזוי זענט איהר... ביסטו...

סעמקע: טײַערע אַנאַ!

אַנאַ: דאָס ביסטו? סעם?

סעמקע: סעמקע לעבעדיג, ווי דו זעהסט מיך אַ לעבעדיגען. (וויל זי קושען)

אַנאַ: (לאָזט זיך נישט) באַלד.

סעמקע: דערקענסט מיך נאָך נישט? אין קושען וועסטו מיך שוין דער-קענען (קושט זי) נו? שוין דערקענט?

אַנאַ: נאָך נישט.

סעמקע: (קושט זי ווידער) נו? דערקענט?

אַנאַ: אַביסעל... יאָ... (זיגמונד'ס שטימע הערט זיך)

אַנאַ: דער פאַפּאַ געהט, אוי איך האָב מורא.

סעמקע: אַז די האָסט מיך נישט דערקענט, וועט ער מיך אַוואַי נישט דערקענען, דו זאָלסט זיך נור וויסען ווי צו האַלטען.

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד: ווילקאָמען הערר מאַלער.

סעמקע: (מאַכט זיך נישט זעהענדיג) הײַסט עס אַז אין דעם צימער וועל איך אײַך מאָלען, דאַרפט איהר זעהן, אַז קײנער זאָל אונז נישט שטערען.

זיגמונד: איך האָב די עהרע הערר קינסטלער מאַלער.

סעמקע: (ווי פריער) איהר פערשטעהט איך האָב זעהר פײַנד אַז מען שטערט מיר בײַ דער אַרבײַט.

אַנאַ: אפשר וועט אײַך בעקוועמער זײַן אין מײַן צימער?

סעמקע קומט וועל איך זעהן (געהען).

זיגמונד: איך האָב די עהרע הערר מאַלער.

סעמקע: (געהענדיג) מײַן נאָמען איז אַדאָלף לוסטיג, ווער זענט איהר?

זיגמונד: איהר דערקענט מיך נישט? איך בין זיגמונד געלדזאַק.

סעמקע: פרעזענט מיך זעהר (אָב מיט אַנאַ'ן).

זיגמונד: (שרײַט איהם נאָך) מיך אויך, אָט האָסטו דיר דעם צווײַטען מאַלער נעהמט 500 רובל פאַר'ן בילד און איז נאָך אַזוי גרויס בײַ זיך (קוקט אויף די פאַרבען) עהרענוואָרט איך ווײס נישט, פאַר וואָס דאָס מאָלען זאָל דאַרפען אַזוי טײַער קאָסטען, אָבער איך האָב נישט קײן אַנדערע ברירה! איך דאַרף דאָס בילד פאַר'ן דאָקטאָר.

## אויפטריט בערטא, רודאלף באך.

בערטאַ: דער הער דאַרף האָבען דעם מאַלער (אָב).

זיגמונד: (מיט דער פּילטרע און פּענזעל אין דער האַנד) וואָס ווילט איהר מיין הערר?

רודאָלף: איך זויל איהר זאָלט מיר בעצאָהלען 500 ריבל.

זיגמונד: וואָס?

רודאָלף: דאָס וואָס איהר הערט, איהר ווערט זיך שוין מעהר פון מיר נישט אויסבעהאַלטען, איך האָב אַ פּאַפּיער פון געריכט מיט דער ערלויבעניש אייך צו אַרעסטירען.

זיגמונד: מיך אַרעסטירען? האָט איהר אַ וועקסעל אויף מיר?

רודאָלף: אַ וועקסעל אויף 500 רובל.

זיגמונד: מיך אַרעסטירען... אַ וועקסעל... מיר דאַכט זיך אַז דאָס איז לעבעדיג (קוקט אויף איהם) יאָ, די וואָנסען זעהען אוים ווי געקלעבטע... זאָגט מיר זענט איהר ניט אַ מאָל לעבעדיג?

רודאָלף: וואָס הייסט אַ מאָל, איך בין שטענדיג לעבעדיג...

זיגמונד: אַזוי!... חע־חע... (ציהט איהם פאַר די וואָנסען) איהר זענט שטענדיג לעבעדיג? חע־חע.

רודאָלף: יאָ חע־חע איך בין שטענדיג לעבעדיג, אָבער וואָס ציהט איהר מיר פאַר די וואָנסען?...

זיגמונד: זעלטען שעהנע וואָנסען האָט איהר, איהר האָט גליק צו פּרויען אמת? חע־חע...

רודאָלף: אָבער מיין הערר וואָס האָט איהר זיך צערעדט וועגען וואָנסען, איך דאַרף וויסען וועגען וועקסעל.

זיגמונד: און ווער האָט אייך געגעבען דאָס וועקסעל?

רודאָלף: דאָס וועקסעל האָט מיר איבערגעגעבען מיין פריינד, וועלכער איז אַצינד קראַנק, ער האָט שוין ביי אייך איין פּאָר שיך צעריסען, און איך צרייס שוין באַלד די צווייטע.

זיגמונד: דאָס מיינט איהר איהם, דעם מאַלער 500 רובל, פּונקט אַזוי פיעל, וויפיעל איך דאַרף איהם געבען פאַר'ן בילד. אַז דאָס וועקסעל וועט זיין ביי מיר וועט ער שוין נישט זיין אַזוי חוצפה'דיג געגען מיר און אויסער דעם וועל איך ווייזען מיין טאָכטער דאָס וועקסעל, זאָל זי זעהן, וואָס פאַר אַקבצנים די מאַלערס זענען, הערט איך צאָל אייך פאַר'ן וועקסעל, קען איך וויסען אייער נאָמען? איך הייס זיגמונד געלרזאַק.

רודאָלף: רודאָלף באַץ.

זיגמונד: (קוקט איהם אָן פון אויבען ביז אַראָב). באַץ? (צו זיך) שאַץ... קאַץ... באַץ... עס קען דאָך זיין, אַז איהר זאָלט זיין שאַץ?

רודאָלף: פאַר וואָס זאָל איך זיין שאַץ, אַז איך בין באַץ.

## אויפטריט סעמקע, אנא.

זיגמונד: אָט איז דער מאַלער.

סעמקע: איך זענט נאָך אַלץ דאָ? איך האָב פיינר אַז מען זיצט מיר אויפ'ן קאָפּ ווען איך מאָל.

זיגמונד: (בייז) ווען איך וואָלט דאָ נישט געזעסען, וואָלט אייך דער הערר מיטגענומען אין יושב־בסתר אריין.

סעמקע: וואָס הייסט דאָס? ווער איז דער הערר?

זיגמונד: דער הערר האָט אויף אייך אַ וועקסעל מיט אַנ'ערלו בעניש פון געריכט אייך צו אַרעסטירען.

אנאַ: וואָס?!

זיגמונד: אַזוי, מיין טאָכטער. זענען זיי די מאַלערס, די בעלי־חובות — דאַרפען זיי נאָכלויפען אין פרעמדע הייזער, ווייל אין דער היים נעפינט מען זיי קיין מאָל נישט. קומט, הערר שאַץ...

רודאָלף: נישט שאַץ, נור באַץ.

זיגמונד: באַץ, מיין איך, איך וועל אייך בעצאָהלען. (אָב)

סעמקע: פאַר וואָס זענט איהר נישט געוועזען ביי לוסטיגען, כ'מיין ביי מיר אין שטוב?

רודאָלף: איך בין געוועזען און האָב דאָרט געטראָפען איינעם, ווייזט אויס איינערער אַ ברודער, איהר זענט ביידע עהנליך, ווי צוויי טראָפען וואַסער און ער האָט מיר געהייסען אהער געהן צו אייך.

סעמקע: ער האָט דאָ אָנגעארבייט אַ שעהן עסק.

זיגמונד: (שרייט פון צווייטען צימער) הער שאַץ!

רודאָלף: אום גאָטעס ווילען, באַץ נישט שאַץ.

זיגמונד: טפו זאָל עס ווערען, באַץ מיין איך.

רודאָלף איך געה. (אָב)

אנאַ: סעם, אַזוי, דו האָסט פיעל חובות?

סעמקע: נישט איך, דאָס האָט מיך לוכטיג אָבגעטוהן אַ שפיצעל.

## אויפטריט אדאלף.

אַדאָלף: (שטעקט אַריין דעם קאָפּ) לעבעדיג!

סעמקע: לוסטיג! דער רוח זאָל דיך נעמען.

אדאָלף: דאָס וועקסעל איז בעצאָהלט?

סעמקע: יאָ!

אדאָלף: אוי, איך האָב שוין נישט קיין זייטען פון לאַכען.

סעמקע: איהר זענט נאָך נישט בעקאַנט? דאָס איז מיין כלה, פריילין אַנאַ, דאָס איז אדאָלף לוסטיג.

אדאָלף: (לאַכענדיג) זעהר אַנגענעהם. אוי, מיינע זייטען!

אַנאַ: אוים וועמען לאַכט איהר?

אדאָלף: איך לאַך אוים אייער טאַטען.

אַנאַ: מיין הערר...

אדאָלף: איהר דאַרפט זיך נישט בעלייריגען פריילין, איך לאַך נישט נור אוים אייער טאַטען, איך לאַך אוים אַלע טאַטעס פון דער גאַנ-צער וועלט.

אַנאַ: האָבען זיך צוזאַמען געטראָפען אַ פּאָר: לעבעדיג און לוסטיג.

סעמקע: און לעבעדיג און לוסטיג וועלען מיר שטענדיג זיין, און וויל אונז ווער מאַכען אומעדיג און טרויעריג...

אַלע. לאַכען מיר אוים זייער טאַטען.

## 8. טערצעט.

אַלע: לעבעדיג און לוסטיג איז גוט און פיין
דאָס קען גאָר ניט שאַטען,
אומעדיג און טרויעריג, ווער ס'וויל זיין
לאַכט מען אוים זיין טאַטען.

סעמקע: פעסט און זעהר געדולדיג
שטעה איך אויף מיין פּלאַץ,
יעדען בין איך שולדיג
כ'הער זיי ווי די קאַץ.
דער שוסטער און דער שניידער
לויפט אַ גאַנצע וואָך,
דער יור פון זעמעל, לײדער
יאָגט מיך שטענדיג נאָך.
כ'האָב זייער פיינט מיך מאָנען הערען
ס'קען מיר נאָך פערשאַטען,

כ׳קען פון דעם נאָך טרויעריג ווערען
לאַך איך אוים זייער טאטען (אַלע רעפּריין).

אַנאַ : כ׳בין איין שוין מקנא
הערען מענט איהר מיך,
כ׳שווער ווי איך הייס אנא
ווען וואלט דאס איך,
ווען אויף מיר הייבט אן ברענען
דער טאטע אהן אשיער,
איך זאל איהם זאגען קענען
פונקט אזוי ווי איהר,
כ׳האב זעהר פיינט דו זאלסט זיך מישען
ס׳קען מיר נאָך פערשאטען,
כ׳וויל זיך מיט מיין סעמקען קושען
און לאכען אוים מיין טאטען. (אלע רעפריין)

סעמקע : כ׳האב זיך נישט צו שעמען
אויך אקעגען דיר,
אויף קרעדיט אנ׳נעהמען
קען איך אהן א שיער,
נאר ווען מ׳דארף אבגעבען
ברודער דא איז שלעכט,
נישט זיכער מיט דעם לעבען
בין איך טעג און נעכט.
כ׳האב זעהר פיינט מיך מאכען הערען
ס׳קען מיר נאָך פערשאטען,
כ׳קען פון דעם נאָך טרויעריג ווערען
לאַך איך אוים זייהר טאטען. (אַלע רעפּריין)

* * * (טאנצען)

## אויפטריט סעמקע.

סעמקע : אצינד פיהל איך זיך שוין גאנץ היימיש אין דעם הויז. (זעצט זיך אויף דער ערד ביי די פארבען)

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד : איהר מאכט ערשט די פארבען ? (זעצט זיך נישט ווייט פון איהם).
סעמקע : איז וואס ווילט איהר ?!

זיגמונד: גאָר נישט, גאָר נישט, איך, הערר מאַלער האָב אויך אַ שטיקעל ידיעה אין מאַלערײַ.

סעמקע: פון וואַנען? (צו זיך) פון די וואורשטען?

זיגמונד: זאָגט מיר, אַ מײַסאַזש קענט איהר אויך מאָלען?

סעמקע: אַ וואָס? אַ מײַסאַזש? האָט איהר דאָך יאָ אַ ידיעה אין מאַלערײַ, חאַ-חאַ-חאַ אפשר מײנט איהר אַ פּײַזאַזש?

זיגמונד: אָט, אָט, איהר האָט מיך דערמאָנט, אַ פּאַסאַזש מײן איך טאַקי איך רעכען טאַקי זיך לאָזען מאַכען אַזאַ פּאַסאַזש, וואָס מישט איהר עפּעס איין פאַרב מיט דער צווייטער?

סעמקע: טאָמער וועט איהר מיר אויפהערען דולען אַ ספּאָדיק און אַרויס געהן פון דאַנען, ווען איך אַרבײַט!

זיגמונד: (שפּרינגט אָב דערשראָקען) וואַרט קבצן, איך האָב אויף דיר אַ וועקסעל. (אָב)

סעמקע: זײַן גליק וואָס ער האָט זיך אָבגעטראָגען, אַז ניט וואָלט איך איהם געמאַכט אַ מאַסאַזש, אַז ער וואָלט מיך געהאַט צו געדענקען.

## 9. קופּלעט.

סעמקע:
צו יעדע קרענק, צו יעדען חולאת
האָט ערפינדען די מעדיצין,
אַ גוטע רפואה, אַ מיטעל אַ נײַעס
איעדער ווייסט שוין דערפון,
קײַן טראָפּענס איז שוין גאָר נישט נויטיג
מ'דאַרף קײַן פּלאַסטער, קײַן באַנדאַזש,
יעדע קרענק און יעדער וועהטאָג
ווערט הײַנט געהײַלט מיט אַ מאַסאַזש,
מען רײַבט, מען רײַבט מיט קוראַזש
און דאָס רופט זיך אָן מאַסאַזש.

רעפרײַן:
אוי מאַכט מען הײַנט אַ מאַסאַזש,
אַ מאַסאַזש, אַ מאַסאַזש,
מען בלײַבט אָהן כּוחות אַזש,
אָהן כּוחות אַזש, אָהן כּוחות אַזש,
עס וואַרעמט, עס קאָכט דאָס בלוט
עס איז אַ מחיה גוט.
אוי מאַכט מען הײַנט אַ מאַסאַזש א. ז. וו...

.II

אַסוֹחר געהאַט האָט פיעל קרעדיט
וויפיעל ער האָט אַליין געוואָלט,
זיין וועקסעל איז געוועזען פּרימאַ-גוט
ער האָט שטענדיג פּונקטליך געצאָהלט,
אַלאַנגע צייט האָט ער גענומען
גענומען אַסך מיט קוראַזש,
ביז עס איז אַ צייט געקומען
און ער האָט זיי געמאַכט אַ מאַסאַזש,
ער האָט פערפּאַקט זיין באַגאַזש
און צו זיך געזאָגט מיט קוראַזש,
האָב איך זיי געמאַכט אַ מאַסאַזש א. ז. וו.

.III

ביים גרינעם טישעל, ביים קאָרטען שפּיעל
דאָרט זיצט זיך בריים אַ יונגער-מאַן,
געוויאונען האָט ער זעהר פיעל
מקנא איז איהם יעדער דאַן,
ביז איינמאָל מ׳האָט נעפאַנגען
אַז ער האָט געמאַכט אַ שאַנטאַזש,
און מען האָט איהם גענומען דערלאַנגען
פון שטעקענס אַ מאַסאַזש,
געזאָגט האָט מען איהם מיט קוראַזש
געדענקען זאָלסטו דעם מאַסאַזש. (רעפריין)
האָט מען איהם געמאַכט אַ מאַסאַזש א. ז. וו.

## אויפטריט. בערטא, בערנארד.

בערטאַ: דאָס האַנד קוישעל האָב איך אַריין געשטעלט אין אייער צימער הערר, בוכהאלטער!

בערנאַרד: איך דאַנק בעסטענס, וואו איז מיין צימער?

בערטאַ: (וויזט אָן) דאָ. (אָב)

בערנאַרד: בין איך שוין אויף מיין נייעם פּאָסטען איך קען נאָך אלץ ניט פערשטעהן, וואָס בין איך איהם אַזוי געפעלען, איך ווייס ניט. וואָס האָט ער אין מיר דערזעהן, לאָמיך געהן בעקיקען מיין צימער. (אָב)

## אויפטריט אנא, סעמקע.

סעמקע: האָסט מיר ביז יעצט גאָר נישט דערצעהלט.

אַנאַ: איך בין עס ערשט היינט געוואָהר געוואָרען.

סעמקע: האָט זיך איהם פערגליסט אַ דאָקטאָר, און אַ מאַלער טויג איהם נישט, אַ שאָד, וואָס דו ביזט זיין טאָכטער, ווען נישט וואָלט איך איהם געראָטען נעמען אַ וואורשטענמאַכער פאַר אַנ'איידעם.

אַנאַ: וואָס רעדסטו? זייט מיין פאָטער איז געוואָרען אַ גביר, טאָר אין אונזער שטוב קיין שטיקעל וואורשט ניט אריין קומען, איינמאָל האָט ער בעקומען צו געשיקט אַ רעקלאַמע פון אַ וואורשטען-געשעפט, האָט ער יענעם געוואָלט אָנקלאָגען אין געריכט פאַר בעליידיגען.

סעמקע: אויב אַזוי וועט דאָ היינט זיין לעבעדיג, מיינע חברים וועלען דאָ היינט זיין מיט אַ וויזיט, און יעדער פון זיי וועט איהם צוטראָגען אַ וואורשט.

אַנאַ: טוה עס נישט, ס'וועט זיין אַ סקאַנדאַל.

סעמקע: פערפאַלען, כ'האָב זיי שוין בעשטעלט און דאָס וועט זיין, ווען דער חתן, דער דאָקטאָר, דעם בוכהאַלטער מיין איך וועט זיין אין שטוב, אָבער איך פערשטעה נישט, אַז ער איז אַ דאָקטאָר ווי זשע קומט ער צו זיין אַ בוכהאַלטער?

אַנאַ: ווער זאָגט דען אַז ער איז אַ בוכהאַלטער? דאָס האָט איהם נור מיין פאַפאַ אַזוי פאָרגעשטעלט פאַר אַ בוכהאַלטער, אָבער אין דער אמת'ן איז ער אַ דאָקטאָר.

## אויפטריט בערנאַרד.

בערנאַרד: (צו זיך) פאַר וואָס זעהט מען עפּעס נישט דעם הערר אַליין? (דערזעהט זיי) ענטשולדיגט, איך האָב אייך נישט בעמערקט, איז דער הערר געלדזאַק? (זיי שווייגען) איז דער הערר געלדזאַק דאָ?

אַנאַ: איהר רעדט צו אונז, הערר בוכהאַלטער?

בערנאַרד: צו וועמען דען?

אַנאַ, סעמקע: מיר האָבען אייך נישט בעמערקט, הערר בוכהאַלטער, דאָקטאָר.

בערנאַרד: איך הייס...

סעמקע: ווער פרעגט אייך? הערר דאָקטאָר?

בערנאַרד: מיין נאָמען איז...

אַנאַ: דאָס דאַרפען מיר נישט וויסען, הערר בוכהאַלטער!

בערנאַרד: אָבער מיינע הערען...

בײַדע : אָבער הערר בוכהאַלטער...

בערנאַרד : אָבער מײַנע ליעבע הערר'ן...

בײַדע : אדיע הערר דאָקטאָר־בוכהאַלטער ! (אָב)

בערנאַרד : דאָס איז געװעהן דער ערשטער תּרוך־הבא, אויב דער צװײטער װעט אויך אַזוי אויס זעהן, װעט מען בעצײַטענס דאַרפען מאַכען „פּיס”.

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד : ענטשולדיגט מיר ליעבער הערר... כ'האָב פערגעסען אײַער נאָמען ?

בערנאַרד : בערנאַרד קאַץ.

זיגמונד : אַלץ נאָך קאַץ ? חע־חע־חע...

בערנאַרד : יאָ, אַלץ נאָך קאַץ, חע־חע־חע....

זיגמונד : אַנ'עקשן דאָס איז, איהר װעט מיר ענטשולדיגען, װאָס איך האָב אײַך געלאָזט װאַרטען, קומט װעל איך אײַך װײַזען אײַער צימער. (בײדע אָב).

## אויפטריט סעמקע, אנא.

סעמקע : אַצינד דאַרפען מיר אויסניצען די צײַט, װאָס מיר זענען צוזאַמען.

אַנאַ : און װעסט מיך מאָלען ?

סעמקע : דאָס ליגט מיר אַפילו נישט אין זינען צוערשט לאָמיר זיך אויס־צאָהלען אונזערע חובות.

אַנאַ : װאָסערע חובות ?

סעמקע : איך בין דיר שולדיג אַסך קושען.

אַנאַ : און איך דיר אויך.

סעמקע : הײַסט עס זענען מיר קװיט ?

אַנאַ : קװיט ? נײן, לאָמיר זיך אויסרעכענען.

### 10. דועט.

אַנאַ : דײַן ליעבע שענקסטו קײנעם
קומט דיר ערשטענס אײנעם. (אײן קוש)

סעמקע : ליעבסט מיך אויך פון װײַטען
קומט דיר שוין דעם צװײטען. (צװײ)

אַנאַ : ביסט מיר שטענדיג טרײַ
קומט דיר קושען דרײַ. (דרײַ)

סעמקע: ביסט געפּאַסט פאַר מיר
קומט דיר דאַכט זיך פיער. (פיער)
אַנאַ: קלוג ביסטו, נישט קיין נאַר
קומט דיר 5 שוין דערפאַר. (פינף)
סעמקע: היינט ביכטו מיר בעשערט
ביסטו זעקס זיבער ווערט. (זעקס)
אַנאַ: ביכט מיר טריי געבליבען
קומט דיר קושען זיעבען. (זיעבען)
סעמקע: פלעגסט פון מיר נור טראַכטען
קומט דיר שוין דעם נייַנטען.
אַנאַ: ניין, דעם אַכטען.
סעמקע: יאָ, דעם אַכטען. (אַכט)
ביידע: אַזוי איז גוט און פיין
אויסצאָהלען זיך, דאָס קיינמאָל נישט,
זיך שטענדיג שולדיג זיין
דאָס גאַנצע לעבען נישט ווערען קוויט. (טאַנצען אָב)

## אויפטריט בערטא. (קוקט אין שליסעל לאָך) אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד: וואָס איז דאָס? פּיצט שוין ווידער די שלעסער?
בערטאַ: ניין, איך... (לויפט אָב)

## אויפטריט אנא, סעמקע.

סעמקע: נאָך צוויי קושען קומט מיר ביי דיר.
אַנאַ: דער פּאַפּאַ...
סעמקע: נאָך צוויי קושען, איך וויל פון גאָר נישט וויסען.
זיגמונד: וואָס ווילט איהר?
סעמקע: (שטופּט איהם אַוועק) נישט אייער זאַך.
זיגמונד: אָבער וואָס ווילט איהר?
סעמקע: מישט זיך נישט אריין! שווער לעבען. (נעמט אַראָב דעם פּאַריק)
זיגמונד: (בלייבט מיט אָנ'אָפען מויל) וואָאָס? איהר?!
סעמקע: איך האָב נישט געהאַט קיין אנדערע ברירה, איהר האָט דאָך מיר פערוועהרט אריין צו קומען.
זיגמונד: דאָס איז געמיין, דאָס איז נידערטרעכטיג.

סעמקע: זעהר מעגליך, אָבער ווי ס'האַלט ביי מלחמה, מעג מען זיך מיט אַלע מיטלען בענוצען.

זיגמונד: אָבער ראַבעווען? וואו איז מיין שירם מיט'ן צילינדער?

סעמקע: דאָס וועט איהר ניט פריהער בעקומען ביז איך וועל חתונה האָבען מיט אייער אַנאַ.

זיגמונד: אַרויס פון מיין שטוב! (חאַפּט אַ שטעקען)

סעמקע: (חאַפּט אַרויס דעם שטעקען און לויפט אָב).

זיגמונד: מיין שטעקען! גוואַלד! באַנדיטען, רויבער! אַמאַליע, בערטאַ. אַנאַ, וואו זענט איהר ערגיץ צו אַלדע שוואַרץ יאָהר?

## אויפטריט אמאַליע, אנא, בערטא.

אַנאַ: וואָס וויל דער פּאַפּאַ?

בערטאַ: וואָס איז?

אַמאַליע. וואָס איז געשעהן, וואָס ביסטו אַזוי אויפגערעגט?

זיגמונד: איך וועל זיך מיט איהם אָברעכענען! (אָב)

אַמאַליע: ווידער מיט דיין סעמען, דער פּאַפּאַ האָט זיך אויפגערעגט, ער האָט אַ שטיק געזונד פערלוירען.

אַנאַ: יעצט איז שוין נישטאָ קיין האָפנונג זיי זאָלען זיך איבערבעטען.

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד: (צו בערטאַ'ן) וואָס ווילסטו דאָ? אַרויס! (בערטאַ אָב)

אַמאַליע: זיגמונד בערוהיג דיך.

זיגמונד: איך בין גאַנץ רוהיג, לאָזט מיך אַליין... (אַנאַ, אַמאַליע אָב)

## אויפטריט בערטא.

בערטאַ: עס איז שוין ווידער דאָ איינער, וואָס וויל מיט אייך רעדען, אַ מינוט לאָזען זיי ניט צורוה.

זיגמונד: איך האָב אַצינד קיין צייט נישט.

בערטאַ: ער זאָגט אָבער, אַז ער מוז אונבעדינגט מיט אייך רעדען.

זיגמונד: הייס איהם אַריין געהן! זאָל ער דאָ צו וואַרטען. (אָב)

בערטאַ: (געהט אַקעגען) דער הערר האָט אייך געבעטען צו וואַרטען.

## אויפטריט הערמאַן.

הערמאַן: אַ גאַנץ שעהנער עמפפאַנג, מען בעט אַפילו ניט אַריין אין זאַל, מיין פעטער וויל מיך פערקנאַסען מיט דעם געלדזאַק׳ס טאָכטער, ער זאָגט מיר, אַז זי איז אַ העכסט אינטעליגענט מיידעל, און איהר פאָטער וויל אַלץ אָבגעבען, אַבי האָבען אַנ׳איידעם אַ דאָקטאָר, און אַזאַ זאַך איז פאַר מיר ווי געווינשען, פונדעסטוועגען דאַרף מען דאָס מיידעל אַליין אויך אָנקוקען.

## אויפטריט זיגמונד.

הערמאַן: (בעמערקט איהם נישט) מערקווירדיג, ווי איך זעה אויס אָהן דעם אוניפאָרם, אין דעם אַנצוג וועלען מיך אַפילו מיינע נאָהנטע נישט דערקענען.

זיגמונד: נישט דערקענען? אַהאַ... דאָס איז לעבעדיג.

הערמאַן: (דערזעהט איהם פערנעגט זיך) האָב איך די עהרע מיט דעם הערר געלדזאַק?

זיגמונד: איהר ווילט עפּעס?

הערמאַן: איך בין דער פליטעניק פון דעם דאָקטאָר איזידאָר שאַץ.

זיגמונד: ווער זענט איהר?

הערמאַן: הערמאַן שאַץ.

זיגמונד: וויפיעל פליטעניקעס האָט דאָס דער דאָקטאָר שאַץ?

הערמאַן: וויפיעל? נישט מעהר ווי איינעם!

זיגמונד: און דאָס זענט איהר? גוט אויסגערעכענט.

הערמאַן: איך בין נישט געקומען אין דער סטודענטישער אוניפאָרם, ווייל איך האָב געוואָלט מיין וויזיט זאָל זיין אין געהיים.

זיגמונד: אין געהיים... אַזוי!...

הערמאַן: וואָס מיינט איהר דערמיט?

זיגמונד: איך מיין, אַז איהר זענט אַזוי דעם דאָקטאָר איזידאָר שאַץ׳ס אַ פליטעניק, ווי איך בין דעם טערקישען סולטאַנ׳ס אַנ׳איידעם.

הערמאַן: מיין הערר, איהר וויצעלט זיך.

זיגמונד: (שרייט) קומט נור אַלע אַריין.

הערמאַן: הערר געלדזאַק, איך האָב דאָך געוואָלט דורכרעדען מיט אייך צווישען פיער אויגען.

## אויפטריט אנא, בערטא, אמאליע.

**אלע:** וואס איז? וואס איז געשעהן?

**זיגמונד:** זייט אלע עדות, איך ווארען אייך דעם לעצטען מאל, איהר זאלט נישט וואגען אין מיין הויז אריין קומען, הערר לעבעדיג.

**אלע:** לעבעדיג?!

**זיגמונד:** בערטא! ווארף איהם ארויס!

**הערמאן:** מיין הערר!! איך בין דאכט זיך אריינגעפאלען אין א משגעים הויז.

## אויפטריט בערנארד.

**זיגמונד:** דא איז דעם דאקטאר'ס פלימעניק, (צו בערנארד'ן) אט דער שווינדלער פערריפט זיך אויף אייער נאמען.

**בערנארד:** וועמען זעה איך? וואס טוהט איהר דא? הערר שאץ!

**הערמאן:** מען ווארפט מיך ארויס פון דאנען הערר קאץ. (אב)

**זיגמונד:** (נאך פויזע חאפט אן בערנארד'ן פאר'ן ארבעל) וואס זאגט איהר? דער הערר וואס איז דא געוועהן, איז...

**בערנארד:** הערמאן שאץ.

**זיגמונד:** און ווער זענט איהר?

**בערנארד:** בערנארד קאץ, איך האב אייך שוין עטליכע מאל געזאגט.

**זיגמונד:** זענט איהר נאר קאץ, און דעם אמת'ן שאץ האב איך ארויס-געווארפען?

**אלע:** ארויסגעווא־פען.

## אויפטריט סעמקע.

**סעמקע:** (מיט'ן שטעקען, וועלכער איז איבערגעבראכען אויף צוויי העלפט נור פערפעסטיגט) דא האט איהר אייער שטעקען!

**זיגמונד:** (נעמט דעם שטעקען איין העלפט פאלט אויף בערנארד'ן) צעבראכען מיין שטעקען און רייצט זיך נאך מיט מיר, פאליציי! פאליציי! (יאגט איהם

**אמאליע:** (לויפט איהם נאך) זיגמונד!

**אנא:** סעם!

**בערטא:** מיין הערר!

## 11. אנסאמבל.

אַלע: גוואַלד! גוואַלד, גוואַלד,
עס הייבט זיך אָן שוין באַלד,
אַ געשריי אַ געפּילדער
אַ כעס אַ ווילדער,
אַ קאָך און אַ טומעל
עס שפּאַלט זיך דער הימעל,
דער שווער מיט דעם איידעם
לויפען ווי די שדים,
מ'קריגט זיך, מ'הערט נישט אויף
וואָס וועט זיין דער סוף.

זיגמונד: האָסט צעבראָכען מיין שטעקען
וועסט מיך נישט אָבשרעקען
מיט אַזעלכע זאַכען,
דו זאָלסט עס ניט גלויבען
אַז איך וועל ערלויבען
פון מיר חוזק מאַכען,
איך זאָג דיר אויף דעם שטעל
אַרויס, אַרויס, נו שנעל!

סעמקע: איהר מיינט עס שרעקט זיך פאַר אייך ווער
איך האָב פאַר אייך אַ גוט געווער,
דאָס געווער איז אייך זעהר בעקאַנט
איהר וועט ווערען בלאַס ווי די וואַנד,
ווען איהר וועט דאָס דערזעהן פאַר זיך
חברים, קומט אַריין גיך.

**אויפטריט מאַלער־כאָר** (מיט וואַרשטען אין די הענד).

## אַלע:

בעוואָפּענט זענען אַלע מיר
מיט פיעל געווער גאָר אָהן אַ שיער,

איִהר וועט פאַר דעֶם זעֶהר שרעֶקעֶן זיִך
דערקעֶנעֶן וועֶט איהר עֶס גאָר גיִך,
איינס, צוויי, דריי,
פיִף־פוּף־פאַף
איינס, צוויי, דריי,
פיִף־פוּף־פאַף,
פיִף פוּף־פאַף.

### פאָרהאַנג.

## ענדע צווייטער אקט.

# דריטער אקט.

---

(דאָס זעלבע צימער ווי אין ערשטען אַקט, בערטאַ פוצט דאָס מעבעל).

בערטאַ: כ'לעבען, אַז צו דינען יענעם
איז נישט זעהר געשמאַק,
דאָ אין שטוב איז אַ גהינם
אַ גהינם מיט'ן קנאַק,
די מאַדאַם איז אַ נערוועזע
דער הערר איז גאָר פערריקט,
און די טאָכטער איז אַ בייזע
און איך ווער צוגעדריקט,
פון פריה ביז נאַכט
מען ווײַנט, מען לאַכט,
מען שרײַט, מען חאַפּט
מען שלאָגט, מען קלאַפּט,
מען שלעפּט, מען רײַסט
מען קנײַפּט, מען בײַסט,
מען לויפט, מען שפּרינגט
(עס הערט זיך אַ קלינג)
איך הער מען קלינגט. (עפענט)

## אויפטריט שאַך.

בערטאַ: עס טוהט מיר לייד דורך אויס
דער הערר איז נישטאָ צו הויז.
שאַך: איז דאָס פרײַלין אויך נישטאָ?
בערטאַ: זי איז געקומען זײַט אַ שעה.
שאַך: קענט איהר מעלדען וועגען מיר?
בערטאַ: ביטע זאָגט מיר ווי הייסט איהר?
שאַך: מעלדעט הערמאַן שאַך.
בערטאַ: ביטע נעמט דאָ פּלאַץ. (אָב)

## אויפטריט קאַץ.

קאַץ: וועלכע עהרע, דאָקטאָר שאַץ
זאָגט, וואָס ברענגט אייַך אויף דעם פּלאַץ.
שאַץ: ס׳פרעהט מיך זעהר מיַין פריַינד, הערר קאַץ
זאָגט ווי קימט איהר אויף דעם פּלאַץ.
קאַץ: דערצעהלען, ווי איך קום דאָ אהער
מיט איין וואָרט און מיט איין זאַץ,
איז אצינד מיר ווירקליך שוועַר
נישטאָ דאָס אָרט, נישטאָ דאָס פּלאַץ.
שאַץ: דאָס פריַילען געלרזאַק איז אַ שאַץ
ווילט איהר אפשר שדכן זיַין.
קאַץ: נאָך פוטער שיקט מען נישט קיַין קאַץ
כ׳בעט אייַך, שדכנ׳ט זיך אַליין.

## אויפטריט בערטא.

בערטאַ: ענטשולדיגט ליבער הערר
ס׳בעדויערט דאָס פריַילען זעהר,
זי נעמט נישט אויף אצינד
זי איז עפּעס נישט געזינד,
נור אויב איהר ווילט גאָר פריַינדליך זיַין
קומט אין אַ שעה ארום אריַין.
(עס הערט זיך אַ קלינג—בערטאַ עפענט).

## אויפטריט באַך.

בערטאַ: עס טוהט מיר לייד דורכאויס
דער הערר, איז נישטאָ צו הויז.
באַך: איז דער הערר שוין לאַנג נישטאָ?
בערטאַ: קומען דאַרף ער אין אַ שעה.
באַך: קען איך וואַרטען דאָ אויף איהם?
בערטאַ: ביטע נעמט דאָ פּלאַץ.
(שאַץ, קאַץ, באַך קוקען זיך איבער)
באַך: אונבעקאַנט איז מען ווי שטום
איך הייס רודאָלף באַך (גיט איהם די האַנד)
שאַץ: ס׳פרעהט מיך, הערמאַן שאַץ „
קאַץ: מיך אויך, בערנאַרד קאַץ „

בערשאַ: הערמאַן שאַץ,
רודאָלף, באַץ,
בערנאַרד קאַץ
אויף איין פּלאַץ. (אַלע בּיס)

באַץ: מיך קען מען אויף יעדען פּלאַץ
איך פערמאָג—זאָגט מען—אַ שאַץ,
לאַכט מען אוים מיין נאָמען באַץ
הער איך אַלע ווי די קאַץ.
באַץ, שאַץ, קאַץ
אויף איין פּלאַץ. (אַלע בּיס)

קאַץ: און איך וואוין דאָ אויף דעם פּלאַץ
ס'היט דער ווירט מיך ווי אַ שאַץ,
חאָטש מיין נאָמען איז נישט באַץ
הער איך אַלע ווי די קאַץ,
קאַץ, שאַץ, באַץ
אויף איין פּלאַץ. (אַלע בּיס)

שאַץ: ס'האָט געטראָפען אויף דעם פּלאַץ
אָנשטאָט מיך האָט בערנאַרד קאַץ,
פאַרגעשטעלט זיך, נור דאָ באַץ
ס'קומט אַריין, איך דאָקטאָר שאַץ,
שאַץ, קאַץ, באַץ
אויף איין פּלאַץ. (אַלע בּיס)

בערטאַ: נו זאָל שוין זיין געניג געשאַצט
אַלע: שאַץ, שאַץ, שאַץ.
בערטאַ: און זאָל שוין זיין גענוג געקאַצט
אַלע: קאַץ, קאַץ, קאַץ.
בערטאַ: איהר האָט אַזוי פיעל אָנגעבאַצט
אַלע: באַץ, באַץ, באַץ.
בערטאַ: אַז מיין קאָפּ האָט שיער געפּלאַצט
אַלע: פּלאַץ, פּלאַץ, פּלאַץ. (אַלע בּיס)

(טאַנצען אָב).

**אויפטריט אדאלף.** (קוקט אין זיגמונד'ס טיהר) **אויפטריט בערטא.**

בערטאַ: איהר זענט שוין ווידער פערמאַסקירט, הערר לעבעדיג?

אַדאָלף: איך בין טויט, נישט לעבעדיג.

בערטאַ: טויט?

אַדאָלף: איך בין טויט הונגעריג.

בערטאַ: קומט אַריין אין קיך וועל איך אייך געבען עפּעס עסען.

אַדאָלף: איהר זענט עפּעס היינט זעהר גוט צו מיר.

בערטאַ: איהר זענט דאָך דער פרייליינס געליעבטער.

אַדאָלף: ווער? איך? הלואי וואָלט איך אַזוי יאָ געוועהן, ווי איך בין נישט.

בערטאַ: איין מינוט. (רייסט איהם די האָר)

אַדאָלף: אוי, וואָס רייסט איהר די האָר?!

בערטאַ: כ'האָב געוואָלט זעהן, אויב איהר געהט אַ פּאַריק, הייסט דאָס זענט איהר-דער צווייטער? זאָגט מיר, איהר זענט שוין ווידער געקומען אויסנאַרען ביי דער פריילען אַ קוש?

אַדאָלף: איהר האָט געזעהן? (לאַכט)

בערטאַ: איך זעה אַלץ, זי האָט געמיינט, אַז דאָס זענט איהר, איהר חתן לעבעדיג! נור אין אַ מאַסקע האָט זי אייך דערוויילע אַריינגע-וואָרפען אַ פּאָר קיש. (לאַכט)

אַדאָלף: מיך קען זי אָבער אין גאָר נישט בעשולדיגען, איך האָב שטענדיג פיינד פרעמד'ס, דאָס וואָס עס געהערט נישט צו מיר, האָב איך פיינד צו נעמען, אַ סימן האָט איהר, אַז איך האָב איהר די פּאָר קיש באַלד געוואָלט צוריק געבען.

בערטאַ: און זי האָט נישט געוואָלט?

אַדאָלף: אַדאַי נישט, איך, זעהט איהר, בין בטבע אַנ'ערליכער מענש. טראָג איך זיך אַרום מיט איהרע פּאָר קיש, און קען זיך מיט זיי קיין עצה נישט געבען, ווייסט איהר וואָס, פריילין, נאַט אייך די פּאָר קיש, און איהר ווערט זי איהר איבערגעבען.

בערטאַ: איהר זענט נישט קיין נאַר, דער ווייל ווילט איהר מיך קושען.

אַדאָלף: וואָס זשע ווערט איהר דאָ צו ליינען.

בערטאַ: און וואָס וועל איך דאָ געווינען?

אַדאָלף: אַ קוש איז דען שלעכט?

בערטאַ: וואָס דען? גוט?

אַדאָלף: פון וואַנען ווייסט איהר אַז נישט גוט? איהר האָט שוין פּערזוכט?

בערטאַ: פּערזוכט? ניין.

אַדאָלף : פאָלגט זשע מיך פערזוכט, וועט איהר וויסען וואָס פאַר אַ טעם
עס האָט. (וויל זי קושען)

בערטאַ : (שטופּט איהם דאָס בערשטעל אין מויל אַריין און לויפט אָב).

אַדאָלף : (שפּייט אויס) אָט האָב איך שוין פערזוכט, און כ'ווייס שוין וואָס
פאַר אַ טעם עס האָט.

## 12. קופּלעט.

עס האָט געשיינט די לבנה
די שטערען האָבען שימעריערט,
אַ נאַכט פון גאָט אַ מתנה
מיט אַ מיידעל האָב איך שפּאַציערט,
מיר האָבען גערעדט פון ראָמאַנען
פון ליעבע, פון הייראַט, פון האַרץ,
נור זי האָט מיך נישט פערשטאַנען
צו מיין גרויסען טיעפען שמערץ,
זי האָט געקוקט אויף מיר
אַזוי ליעבליך און מיט חן,
ביז איך האָב געזאָגט צו איהר
אויב איהר ווייסט נישט וואָס איך מיין,
פערזוכט וועט איהר וויסען, וואָס פאַר אַ טעם עס האָט
פערזוכען איז נישט שווער,
פערזוכט וועט איהר וויסען, וואָס פאַר אַ טעם עס האָט
עס וועט אייך שמעקען זעהר.

II.

די גבירים, די פילאַנטראָפּען
זענען געפאַלען אויף אַ פּלאַן,
פאַר אַ צעהנער זאָל זיך אָנשטאָפּען
מיט מיטאָג אַנ'אָרימאַן,
מיט געקעכטס אַ גרויסע שיסעל
אין וואָס ליטען וואַשען געפעס,
געשמאַלצען נור דוקא אַ ביסעל
און פליישׁ—דאָס, ברורער, פערגעס,
אַז איך געה דאָרט אַריין

פערגלוסט זיך אמאל מיר,
איך זאל א דרייסטער זיין
און זאגען צו דעם גביר —
פערזוכט וועט איהר וויסען א. ז. וו.

LII.

איהר אלע וואס זיצען אויף שטוהלען
אין דער ערשטער אין צווייטער רייה,
איהר קענט זיכער נישט פיהלען
דעם טעם פון דער גאלעריי.
צוזאמען מיט סאסעל און פעסעל
זיך שטיפען און שטויסען ביי דער וואנד,
ווי הערינג געפאקט אין א פעסעל,
נישט קענען ריהרען מיט קיין האנד.
נור וויסען דאס זאלט איהר
אז דארט איז בעסער ווי דא,
ווילט איהר ניט גלויבען מיר
זייט זשע מוחל, אנו...
פערזוכט וועט איהר וויסען א. ז. וו. (אב)

## אויפטריט בערטא, סעמקע.

בערטא: מ׳קען נישט אריינגעהן.

סעמקע: פאר וואס? דער אלטער איז דען דא?

בערטא: דער אלטער איז טאקע אוועקגעפאהרען, אבער די פריילין האט מיר אנגעזאגט, אז איך זאל קיינעם נישט אריינלאזען, אפילו אייך אויך נישט.

סעמקע: עס קען נישט זיין!

בערטא: ס׳קען שוין יא זיין. דער אלטער איז אוועקגעפאהרען און האט אלע איהרע קליידער פערשלאסען, און אצינד געהט זי ארום אין דער מאמע׳ס שלאף־ראק מיט א פאר שטעק־שיך, און זי שעמט זיך פאר אייך צו ווייזען.

סעמקע: הער בערטא, דו ביזט דאך ניט קיין נארישע מיידעל, איך וויל דא אבארבייטען א שטיקעל, נור דא דארף איך, דו זאלסט מיר צו העלפען.

בערטא: וואָס ווילט איהר פון מיר? דער אלטער לאָזט מיך שוין אַזוי אויך נישט אויף די אויגען צוליעב אייך.

סעמקע: נעהם און שווייג. (גיט איהר געלד)

בערטאַ: וואָס זשע ווילט איהר זאָל איך טהון?

סעמקע: ברענג מיר דעם אלטענס שלאָף־ראָק.

בערטאַ: וואָס גערהט איהר טהון?

סעמקע: דו וועסט שוין זעהן, געה און ברענג. (בערטאַ אָב. ער נעהמט אַרויס פון טאַש אַ פּאַריק מיט גרים, זעצט זיך ביים טיש און גרימירט זיך אַלס זיגמונד).

## אויפטריט בערטא. (מיט דעם שלאָפ־ראָק)

סעמקע: (טהוט אָן דעם שלאָפראָק) וואָס שטעהסטו? (לאַכט)

בערטא: ס'וועט שוין דאָ זיין אַ שעהנע חתונה! (אָב)

סעמקע: (אין דעם שלאָפראָק, נעהמט אָן זיגמונד'ס פּאָזע, זעצט זיך צום טיש) איז קיינער נישטאָ אין שטוב? (קלאַפּט אין טיש) אז דער טאַטע קומט פון דער רייזע, קומט איהם קיינער נישט אַקעגען! וואו איז ערגעץ אַנאַ?

אַנא: (פון צווייטען צימער) פּאַפּאַ ביזט שוין דאָ?

סעמקע: קום נור ארויס! (פון צווייטען צימער הערט זיך זינגען „פעריאָמערט פער־קלאָגט) דאָס גיט זי מיר אַ צייכען איך זאָל נישט קומען. חאַ־חאַ־חאַ, אַנאַ! וואָס האָסטו זיך אצינד גענומען שפּיעלען? קום ארויס!

## אויפטריט אנא. (אין שלאָפראָק)

אַנאַ: שוין צוריק געקומען, פּאַפּאַ?

סעמקע: פאַר וואָס גיבסטו נישט אַ קוש דעם טאַטען?

אַנא: (גיט איהם אַ קוש).

סעמקע: (חאַפּט זי אַרום) אצינד זענען מיר קוויט, איין קוש ביסטו מיר שולדיג געווען.

אַנא: סעם?!

סעמקע: יאָ, סעמקע מיט די ביינער.

אַנא: ווי פאַלסטו זיך אוים פערקליידען פאַר'ן טאַטען?

סעמקע: ווי פאַלסטו זיך אוים פערקליידען פאַר דער מאַמען?

אנא: דער טאַטע האָט אַלע מיינע קליידער פערשלאָסען.

סעמקע: און איך האָב זיך מיט לוסטיגען געוועט, אַז איך וועל זיך פערקליידען פאַר דיין טאַטען, און דו וועסט מיך נישט דערקענען.

אַנא: ווי אַזוי איז עס געקומען צום געוועט?

סעמקע: גאנץ אײנפאך, אדאלף האט זיך פאר מיר בּערימהט, ווי אזוי דו האסט איהם געקושט, מײנענדיג אז איך בּין עס.

אַנאַ: (פערשטעלט זיך די אויגען) אוי, איך שעם זיך.

סעמקע: מילא, פערפאלען. דאס וואס ער האט אריינגעחאפּט איז שוין זײנס.

אַנאַ: נײן, ער האט זיי מיר בּאלד געוואלט צוריקגעבּען.

סעמקע: און דו האסט נישט געוואלט נעמען? גאנץ גלײך! זײן חוב וועל איך בּעצאהלען. (קושט זי)

אַנאַ: לאז מיך אוועק, ס'איז נישט שעהן אזוי אין שלאפראק.

סעמקע: וואס איז דא נישט שעהן? מיר וועלען דאך נישט איין מאל דארפען זיצען אין שלאפראק. שטעל דיך פאר, אזוי אין צעהן יאהר ארום זיצען מיר בּײדע אזוי אין די שלאפרעק בּײם טיש.

אַנאַ: געה, איך שעהם זיך.

סעמקע: איך רעד דאך וואס עס וועט זײן אין צעהן יאהר ארום. זיצען מיר זיך אזוי ברײט בּײם סאמאוואר טעה אין דער פריה, דו שמירסט בּרויט מיט פוטער.

אַנאַ: צו טהע האב איך ליעב זעמעל מיט פוטער.

סעמקע: וואו זאל איך דיר אצינד נעהמען זעמעל מיט פוטער?

אַנאַ: דו רעדסט דאך וואס עס וועט זײן אין צעהן יאהר ארום!

סעמקע: אהא! איך האב גאר פערגעסען. זיצען מיר אזוי בּײם טיש, פלוצים דערזעהסטו א פלעק אויפ'ן טישטוך.

אַנאַ: דאס האסטו געמאכט!

סעמקע: איך? איך האב געמאכט דעם פלעק? אפשר אלבּערט?

אַנאַ: אלבּערט? וועלכער אלבּערט?

סעמקע: אונזער קלײנער אלבּערט!

אַנאַ: געה סעם, רעד נישט אזוי.

סעמקע: וואס רעד איך אזעלכעס? אין צעהן יאהר ארום קענען מיר דאך האבּען א קלײנעם אלבּערט, וואס וועט מאכען פלעקען אויפ'ן טישטיך.

אַנאַ: געה, לאז מיך אב. (וויל געהן)

סעמקע: נו שוין, איז אהן אנ'אלבּערט, אבּער פון אונזער צוקונפטיגען לעבּען מעגען מיר דאך רעדען.

אַנאַ: פון וואס זשע ווילסטו רעדען? פון די שעהנע דאמען, וואס וועלען זיך קומען צו דיר בּאלען?

סעמקע: איך קען זיי דאָך נישט אַרויסטרייבען, אַז זיי קומען. — זאָג בעסער, וואָס קאָכסטו היינט אויף מיטאָג?

אַנאַ: פּאָמאַדאָרען, זופּ מיט רייז וואָס דו האָסט ליעב.

סעמקע: דערפאַר ביזמו ווערט אַ קוש, מיין ווייבעלע.

אַנאַ: סעם, רעד נישט אַזוי, לאָז מיך צורוה.

סעמקע: אַז דו האָסט מיך געקאָכט אַזאַ מיטאָג וואָס איך האָב ליעב, קומט דיר נישט קיין קוש? — און נאָך דעם מיטאָג זעצסטו זיך אַוועק אויף דער וויעג-שטוהל און לעזט זיך אַ ראָמאַן און איך נעהם זיך שפּיעלען מיט בערטאַ׳ן.

אַנאַ: וועה איז מיר מיט דער דיענסט?!

סעמקע: ניין, מיט דער קליינער בערטעלע, אַלבערט׳ס שוועסטער׳ל.

אַנאַ: שוין ווידער, סעם?

סעמקע: נו, נו, זאָל שוין זיין אָהן אַ בערטעלע, וועסט זעהן, מיר וועלען זיך לעבען ווי אין אַ גן-ערן.

אַנאַ: כ׳שטעל מיר פאָר
אַז צעהן יאָהר
וועט פאָראיבערגעהן,
איך מיט דיר
וועלען מיר
לעבען רוהיג שעהן.

סעמקע: זיצסט ביים טיש
טיילסט די פיש
מיר דאָס גרעסטע שטיק.
כ׳קריג אַ קוש
נאָך די פיש
זאָג איז דאָס קיין גליק.

ביידע: יאָ, דאָס וואלט געווען
אויסגעצייכענט שעהן.

סעמקע: נאָך מיטאָג, נאָך אַלדינג
איך גיב אַ שטאַרקען קלונג. (קלינגט)

## אויפטריט בערטא.

בערטא: וואָס ווילט איהר מיין הערר, זאָל זיין?

סעמקע: ברענג אַ פלאַש שאַמפּאַניער ווײַן!

בערטא: באלד אין איין אויגענבליק
בין איך דא צוריק. (אב)
ביידע: מיר וועלען טרינקען וויין אצינד
פאר אונזער גליק און געזונד. (ביס)

## אויפטריט בערטא. (מיט וויין)

סעמקע: (נעהמט א גלאז) הויבט די גלעזער הויך
גיסט אין מויל אריין,
און דו, בערטא, אויך
טרונק זיך אן מיט וויין,

סעמקע: (שטעלט זיך אויפ׳ן טיש, אנא און בערטא פון ביידע זייטען אויף שטוהלען, אלע הייבען די גלעזער).

אלע: פאר אונזער גליק גאר אהן א צאהל
פאר גליק און פאר געזונד,
זיך רוהיג לעבען אלע מאל
נישט ערגער ווי אצינד.
ס׳זאל ביי אונז קיין זאך נישט פעהלען
שטענדיג פריידען זיין,
ס׳זאל קיין זארגען אונז נישט קוועלען
טרונקען מיר דעם וויין. (אלע ווידערהאלען)

## אויפטריט אמאליע. (בערטא אב)

סעמקע (דרעהט זיך אום אויף דער שטוהל צו דער וואנד).

אמאליע: זיגמונד, ביזט שוין געקומען? (וויל צוגעהן)

אנא: (לויפט אריין אין דער מיט) מאמא, רעד צו איהם נישט אצינד, ער איז זעהר אויפגערעגט.

אמאליע: געוויס געחאפט אן׳אבשניט פונ׳ם דאקטאר? נו, אז מ׳האט ענמת נפש פאר ווער זיך אויסרעדען, אז נישט פאר אנ׳אייגען וועמען דארף מען ווייב.

סעמקע (זיצט ביי דער וואנד און לאכט).

אמאליע: וואס זעה איך, ער האט געטרונקען וויין?

אנא: פאר צרות.

אמאליע: אז ער האט זיך אריינגענומען א דאקטאר אין קאפ אריין! פאלג מיך זיגמונד...

אנא: לאָז איהם צורוה, מאַמאַ, ער האָט שוין אַצינד חיטה, ער וויל שוין נישט דעם דאָקטאָר. קום, לאָמיר איהם לאָזען אַליין.

אַמאַליע: אָבער זאָג מיר זיגמונד...

אנא: ויעסט שוין שפּעטער מיט איהם רעדען. (שטופּט איהר אַרויס)

סעמקע (פּלאַצט אַרויס אַ געלעכטער).

## אויפטריט בערטא.

בערטאַ: שויז ווידער געקומען אַ גאַסט. (גיט אַ קאַוטש)

אנא: (לעזט) הערמאַן שאַך! — מיין חתן דער דאָקטאָר. מיין פּאָטער איז געפאָהרען צו איהם און ער איז דאָ אַהער געקומען. ווי זאָגסטו, זאָל איך איהם אויפנעהמען?

סעמקע נעהם איהם אויף, נור ווייס וואָס דו האָסט צו טהון.

אנא: איך האָב אַ טייערען איינפאַל... דו געה אַוועק.

סעמקע: ניין איך וועל זיך דאָ בעהאַלטען. (אָב)

אנא: און דו בערטאַ בעט איהם אַריין. (נעהמט פון צווישען די פּאַרבען עט-ליכע שטיינדעלעך, זעצט זיך אויף דער ערד, שפּיעלט אין שטיינדעלעך און זינגט).

אויפ'ן הויכען באַרג
אויפ'ן גרינעם גראָז,
שטעהען צוויי דייטשען
מיט די לאַנגע בייטשען,
הויכע מענער זענען זיי
געלע שיך טראָגען זיי

## אויפטריט הערמאן.

אנא: (מאַכט זיך ווי זי זעהט נישט, דערנאָך שטעהט זי אויף).

הערמאַן: איך האָב די עהרע, הערמאַן שאַך.

אנא: (רעדט מיט אַ קינדערישע שטימע) זעהר אַנגענעהם. (מאַכט אַ קניקס) איהר ווילט אודאי רעדען מיט מיין פּאַפּאַ?

הערמאַן: (קוקט זי שאַרף אָן) וואָס, אייער פּאַפּאַ?

אנא: וואָס קוקט איהר מיך אַזוי אָן? איך געפעהל אייך?

הערמאַן: איהר האָט אודאי נאָך אַ שוועסטער?

אנא: צו וואָס? מיין פּאַפּאַ זאָגט, אַז ער האָט איינע נאָר אַ שעהנע, חע-חע-חע... (לאַכט נאַריש און כאַפּט פליגען)

הערמאַן: יאָ, אייער פּאַפּאַ איז זעהר גערעכט. (צו זיך) זאָל דאָס זיין דאָס

אינטעליגענטיץ העכסט געבילדעטע פריילין, וואס דער ווארשטענמאכער האט מיר געזאגט?

אנא: איהר וועט זיך אויף מיין פאפא נישט דערווארטען, ער איז ערגעץ אוועגעפאהרען, אויפ'ן וועג קען ער זיך נאך פערשמיעסען מיט זיינע בעקאנטע ווארשטענמאכערס.

הערמאן: (צו זיך) ניין, דאס קען איך נישט פערשטעהן, די צרה האט ער מיר געוואלט געבען פאר א כלה? איז ער משוגע אדער האלט ער מיך פאר משוגע, אבער מען מוז מיט דער זאך אנ'ענדע מאכען. (הויך) איהר וועט דאך מיר ערלויבען איך זאל אנשרייבען א פאר ווערטער פאר אייער פאטער?

אנא: צו וואס דארפט איהר קאליע מאכען פאפיער? זאגט עס מיר וועל איך עס זאגען דעם פאפא.

הערמאן: דאס איז א סוד.

אנא: איך בין נישט קיין פלאפלערין, אמאל איז מיין חבר'טע אוועק אין וואלד מיט... (רוימט איהם אין אויער אריין)

הערמאן: איך וויל נישט וויסען. (נעהמט ארויס א נאטיץ ביכעל)

אנא: איהר דארפט א טינטארען? שרייבט מיט פארב, וועט עס זיין ווייסער טינט. (טראגט איהם צו די פיליטרע)

הערמאן: איך שרייב מיט א בליי-פעדער.

אנא: איך קען אויך שרייבען. אזוי שרייבט זיך א „בית" אזוי א „גימל".
(שרייבט אויף זיין ארבעל) איך קען זינגען אויך!
ציגעלע מיגעלע קעצען אייגעלע, רויטע פאמעראנצען,
אז דער טאטע שלאגט די מאמע, געהען די קינדער טאנצען.
טרא-לא-לא טרא-לא-לא. (טאנצט)

הערמאן: קען מען ביי אייך נישט בעקומען א קאנווערט?

אנא: (דערלאנגט זעהר א גרויסען קאנווערט).

הערמאן: איך דאנק. (לעגט אריין דאס קוויטעל)

אנא: אוי לאזט מיך פערקלעבען.

הערמאן: ביטע. (גיט איהר דעם בריעף)

אנא: (פערקלעבט) א שעהנעם דאנק אייך, איך האב אזוי ליעב צו קלעבען.

הערמאן: אדיע. (אב)

אנא: (שרייט איהם נאך) פאלט נישט אראב פון די טרעפ... (לאכט) אציינד בין איך שוין זיכער אז ער וועט שוין מעהר נישט אריינקומען.

## אויפטריט בערנארד.

בערנאַרד: אַ גוטען מאָרגען אייך, פרײַלין!

אנא: גוט מאָ־גען. ענטשולדיגט מיר וואָס איך גען אַזוי.

בערנאַרד: מאַכט נישט אויס, איך קען אייך איבערגעבען אַ גרוס.

אַנא: געווים פון מײַן פּאָטער?

בערנאַרד: ניין, פון אײַער חתן.

אַנאַ: איהר האָט אַ טעות מײַן הערר, דער איז נישט מײַן חתן.

בערנארד: וואָס? דער מאַלער איז נישט אײַער חתן?

אַנאַ: דער מאַלער—יאָ, איך האָב געמיינט דעם דאָקטאָר, וואָס איז נאָר וואָס דאָ געוועזן.

בערנארד: ער איז שוין ווידער דאָ געוועזן? אָבער איך רעד פון דעם מאַלער הערר לעבעדיג, איך האָב מיט איהם גערעדט, און צו מײַן גרויס פרייד קען איך אייך מיטטיילען, אז מיר האָבען געשלאָסען גוטפריינדשאַפט.

אַנאַ: אָ! דאָס פרייט מיך זעהר. (ס'הערט זיך זיגמונד'ס שטימע) מײַן פּאָטער!

בערנארד: ענשולדיגט איך גען אין מײַן צימער. (אָב)

אַנאַ: (לעגט דעם בריוועף אויפ'ן טיש, אָב)

## אויפטריט זיגמונד, בערטא.

בערטאַ: (נעהמט צו דעם הוט און שטעקען מיט'ן רייזע־קעסטעל)

זיגמונד: (לויפט אַרום אויפגערעגט) אַזאַ געמיינהייט! וואָס שטעהסטו?!

בערטא: איך... גען... (געהט)

זיגמונד: קום נור...

בערטא. וואָס ווילט איהר?

זיגמונד: ברענג אַריין דעם שלאָפ־ראָק.

בערטא: דעם שלאָפ־ראָק? איך ברענג שוין. (אָב)

זיגמונד: אַזאַ געמיינהייט! מיך אַזוי אויסלאַכען, איך וועל זיי ווייזען!

## אויפטריט בערטא. (מיט'ן שלאָפ־ראָק)

זיגמונד: וואו איז דער אלטער שלאָפ־ראָק?

בערטא: איך נעה אָן קנעפּ... איך... זיי זענען אַלע אָבגעריסען. (צו זיך) ס'וועט שוין היינט זיין פרעהליך. (אָב)

## אויפטריט אמאליע.

אמאליע: אַציינד וועסטו שוין ערלויבען רעדען צו דיר אַ וואָרט?

זיגמונד: לאָז מיך צופריעדען, אַמאַליע, איך האָב היינט שוין געהאַט גענוג קאָפּדרעהעניש.

אמאליע: און אז א מאַן האָט קאָפּדרעהעניש, ענמת־נפש, דאַרף אַ ווייב נישט וויסען!

זיגמונד: לאָז מיך אָפּרוהען, ווערסטו אַלץ וויסען.

אמאליע: האָסט זיך נאָך אַלץ נישט אָפּגערוהט, גייה זעץ דיך מיט'ן פנים צו דער וואַנד.

זיגמונד: (קוקט זי אָן) אַמאַליע, ביזט משוגע, צו וואָס? וואָס הייסטו מיך עפּעס זעצען מיט'ן פנים צו דער וואַנד?

אמאליע: נו שוין! דערצעהל מיר וואָס האָט דער דאָקטאָר געזאָגט?

זיגמונד: אַזאַ געמיינהייט! ער האָט געהייסען זאָגען, אז ער איז אַוועק־געפאָהרען.

אמאליע: דאָס איז געמיין, ער האָט דאָך שוין געהאַט פערשפּראָכען אַהער צו קומען?

זיגמונד: איך וועל זיך שוין מיט אַלעמען אָפּרעכענען! זעהסט וואָס איך האָב געקויפט? (ווייזט איהר אַ רעוואָלווער).

אמאליע: פאַר וועמען האָסטו דאָס געקויפט?

זיגמונד: פאַר מיר אָדער פאַר „לעבעדיגען"!

## אויפטריט בערטא.

זיגמונד: (צילט אויף איהר מיט'ן רעוואָלווער) שטעה!

בערטא: גוואַלד! מענשען! וואָס ווילט איהר טהון?!!!

זיגמונד: זעהסט וואָס דאָס איז?

בערטא: איהר האָט עס געקויפט פאַר לעבעדיגען?

זיגמונד: האַלט דאָס מויל!

בערטא (לויפט אָב אויף אַלע פיער).

## אויפטריט באך.

זימונד: (שרייט אויף בערטא'ן) אַרויס!

באך: (שרייט) גוואַלד! מענשען! (אָב)

אמאליע: אך, זיגמונד, ביסטו געוואָרען אַזוי אויפגערעגט, אַזוי נערוועז!

זיגמונד: (בעמערקט אויפ'ן טיש דעם בריעף מיט דער קאַרטע) וואָס איז דאָס פאַר אַ בריעף?

אמאליע: איך ווייס נישט.

זיגמונד: (נעהמט די קאַרטע) „הערמאַן שאַץ". הייסט עס אַז ער איז געוועזען דאָ אין דער זעלבער צייט, וואָס איך בין געוועזען ביי איהם?

אַמאַליע: איך הער עס ערשט פון דיר, איך בין די גאַנצע צייט געווען דאָרט פערנומען.

זיגמונד: הייסט עס, איז ער טאַקי נישט געווען אין דער היים, און איך האָב זיך אויפגערעגט? גלויב מיר עס קען נאָך אַלץ צוריק גוט ווערען. (לעזט דעם בריעף) „הערר געלדזאַק, נאָך דעם ווי איך האָב געהאַט די הערע צו רעדען מיט אייער טאָכטער בין" (ער לעזט שוואַך גיט אַמאַליען דעם בריעף) נאַ... לעז... איך... וואו זענען מיינע ברילען?

אַמאַליע: „מיט אייער טאָכטער, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַ פערבינדונג צווישען מיר מיט אייער טאָכטער, איז אַן׳אונמעג־ליכע זאַך „הערמאַן שאַץ". אָט האָסטו דיר, אַצינד האָסטו אַליין פערשעמט דיין טאָכטער, פאָלג מיך קלאָפּ צו צום שידוך מיט „לעַבעדיגען".

זיגמונד: (האַפּט דעם רעוואָלווער) וואָס? ! אַרויס גיך!

אַמאַליע: (לויפט הונטערוויילעכטס אָב).

זיגמונד: יאָ, יאָ, אַזוי וועט דאָס זיין כדי מיין טאָכטער זאָל זיך איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַרויס שלאָגען דעם „לעבעדיגען" פון קאָפּ, וועל איך זי חתונה מאַכען מיט דעם ערשטען בעסטען יונגען־מאַן! עה הערר קאַץ הערר קאַץ!

## אויפטריט בערנאַרד.

בערנאַרד: וואָס ווינשט איהר מיין הערר?

זיגמונד: זעצט אייך.

בערנאַרד: (זעצט זיך).

זיגמונד: איהר ליעבט מיין מיידעל?

בערנאַרד: הערר געלדזאַק!

זיגמונד: איך ווייס אַז איהר ליעבט זי און איהר וועט מיט איהר חתונה האָבען. (שפּיעלט זיך מיט׳ן רעוואָלווער, אַליין נישט בעמערקענדיג, אַז ער האַלט איהם

בערנאַרד: איך... חתונה האָבען? (ציטערט פאַר שרעק)

זיגמונד: אפשר געפעלט אייך נישט? זאָגט? (פאָרעט מיט׳ן רעוואָלווער)

בערנאַרד: ע... פערשטעהט איהר מיך, געפעלען, געפעלט זי מיר יאָ, נור איך האָב געהערט, אַז אַ מאַלער ליעבט זי. (רוקט זיך אָב מיט דעם שטוהל

זיגמונד: איך ווייס עס, און דעריבער וויל איך, איהר זאָלט מיט איהר חתונה האָבען, קלערט זיך איבער און גיט מיר ענטפער. (אָב)

בערנאַרד: אַ שעהן שטיקעל אַרבּײַט, גאַה הײַב זיך אָן מיט לעבּעדיגען, נור פּערפאַלען, איך וועל זאָגען יאָ, וועל איך אַרײַנפאַלען אין אַ בּלאָטע, וועט מיך לעבּעדיג אַרויס שלעפּען!

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד: נו, וואָס איז אײַער ענטפער?

בערנאַרד: גוט, איך נעם אײַער טאָכטער!

זיגמונד: מזל־טוב מײַן ליעבּער אײדעם. (קושען זיך)

## אויפטריט אדאָלף.

אדאָלף: גוט מאָרגען.

זיגמונד: איהר זענט שוין ווידער דאָ?

אדאָלף: וואָס?

זיגמונד: איהר האָט מיך שוין אײנמאָל אָבּגענאַרט אין דער מאַסקע, אָבּער הײַנט וועט דאָס אײַך נישט געלונגען (נעמט אַרויס דעם רעוואָלווער) איהר זעהט? דער רעוואָלווער איז געלאָדען!

## אויפטריט סעמקע. (אונבּעמערקט אין גרים ווי פריער)

אדאָלף: אָבּער ווער בּין איך דען, מײנט איהר?

זיגמונד: מאַכט נישט קײן אָנשטעלען, איך ווײס איהר זענט „לעבּעדיג״!

סעמקע: (חאַפּט פון אונטען אַרויס דעם רעוואָלווער) און ווער בּין איך?

זיגמונד: גוואַלד! מײַן רעוואָלווער! (דערזעהט איהם... סצענע)

סעמקע: אַצינד שווער לעבּען אַרויס פון דאַנען וואָרום איך שיס!

(ציעלט מיט׳ן רעוואָלווער, זיגמונד אָב הונטערוויילעכטס אין בּערנאַרד׳ס צימער)

סעמקע: (פערשליסט נאָך איהם די טיהר) שווער לעבּען, ווילט איהר מיך פאַר אַן׳אײדעם? לאָז איך אײַך בּאַלד אַרויס!

זיגמונד: (שרײַט אַרויס) נײן, דאָס קײנמאָל נישט.

סעמקע: צוויי וואָכען גיב איך אײַך צײַט איבּערצוקלערען, דער שליסעל איז בּײַ מיר. (לייגט איהם אין טאַש)

## אויפטריט אנא, בּערטא, אמאַליע.

אמאַליע: וואָס איז? וואָס איז געשעהן? זיגמונד!

סעמקע: גאָר נישט שווינער לעבּען. (דעמאַסקירט זיך)

אמאַליע: וואָס איהם פאַלט אַן! אָבּער וואָס איז געשעהן?

סעמקע: איך האָב פערשלאָסען מײַן שװער.

אנא: געה מאַך אויף!

אמאליע: געהט מאַכט אויף!

סעמקע: נישט פריער, װי ער װעט מיך אנ׳ערקענען פאר זײַן אײדעם.

אמאליע: אָבער װי אַזוי האָט איהר איהם פערשלאָסען?

סעמקע: װי אַזוי? מיט שכל, מיט קאָפּף (שרײַט אין טיהר) איהר פער-שטעהט, שװער לעבען, קאָפּף דארף מען זהאָבען.

אַלע: יאָ קאָפּף דארף מען האָבען (זינגענד קלאַפּט אין טיהר).

## דועט.

סעמקע: יעדער מענש, סײַ אלט—סײַ יונג
יעדער, דאָס זאָג איך,
דארף נאָך האָבען חוץ אלרינג
אַ גוטען קאָפּ אויף זיך,
מעג מען זײַן װי רײַך און שעהן
האָבען געלד אַ סך,
אָהן אַ קאָפּ זיך צו בעגעהן
איז אַ שװערע זאַך.
קאָפּ קאָפּ קאָפּ קאָפּ,
קאָפּ נור דארף מען האָבען,
האָט מען נישט קײַן קאָפּ
מעג מען זיך בעגראָבען. (בּיס)

II.

אדאָלף: כ׳האָב אַ מײַרעל גוט געקענט
שעהן װי די נאַטור,
כ׳זאָג אײַך אַז עס האָט פערבלענדט
יעדען איהר פיגור,
האָט זיך שטערבליך אײַנגעליעבט
אין אַ פּוסטען פראַנט,
איז זי נעבעך זעהר בעטריעבט
שלאָגט זיך קאָפּ אין װאַנד. (רעפריין)

III.

אַנאַ: נישט קיין מיידעל נור א מאַן
האָב איך אויך געקענט,
ער איז געוועזן אַ שאַרלאַטאַן
האָט אַ וועלט געברענט,
האָט סקאַנדאַלען פיעל פערפיהרט
פערגעסען ווי ער האַלט,
זיצט ער יעצט שוין ארעסטירט
און ער שרייט גוואַלד! (רעפריין).

פאָרהאנג.

## ענדע דריטער אקט.

# פיערטער אקט.

(דאָס זעלבע צימער ווי אין ערשטען אַקט, שענער פּערפוצט, אַלע ליכט ברענען).

(אַנאַ מיט איהרע חבר'טעס זיצען פאר'ן שפּיגעל).

**אַנאַ:**
עס פרעהט זיך דער פאָטער
אַ טאָכטער געבוירען,
פון ברית איז ער פטור
קיין געלד נישט פערלוירען,
עס פרעהט זיך די מאַמע
זי קוועלט און זי לאַכט,
נור הערט וואָס זי טראַכט
זי טולעט הערצליך
דאָס קינד זעהר שמערצליך,

**דאַמען ביים:**
קינד אוי, אוי,
וועסט אַלס פרוי,
ליידען פיעל ווי איך אַזוי
קינד מיין טרייסט,
קיינער ווייסט
וואָס אַ מאַמעס ליידען הייסט.

(זעהט זיך אין שפּיגעל אַלס קינד ביי דער מאַמען אויף דער האַנד).

II.

אַליין אויסגעזויגען
דער מאַמען דערפרעהט עס,
גליקליך ערצויגען
אין שולע שוין געהט עס,
עס לערענט זיך פלייסיג
און טיכטיג אַ פראַכט,
די מאַמע זי טראַכט
אין שולע איז זי
יאָ, לערנען מוז זי,

לערן קינד
גוט אצינד,
דען די צייט ענטלויפט געשווינד
לערן טריי,
אויף דאס ניי
אזוי לאנג דו בּיזט נאך פריי.

(זעהט זיך אין שפּיגעל אלס קינד פון 7 יאהר אין שול קליידער).

.III

עס לויפען די יאהרען
זיי יאגען און איילען,
פון קינד איז געווארען
א גאנצע פריילין,
זי שיינט ווי די שטערען
זי בּליהט און זי שמעקט,
די מאמע זי שרעקט
מיין קינד די ליעבּע
בּרענגט שעה׳ן טריעבּע.
זיי געהיט
נאר זיך ניט,
קוק נישט אויף דיין הארץ וואס בּליהט
בּיסט נאך יונג
נישט אלדינג,
קומט אן אזוי לייכט און גרינג.

(זעהט זיך אין שפּיגעל אלס פריילין פון 17 יאהר).

.IV

עס פרעהען זיך אלע
דערלעבּט די גדולה,
עס טאנצט מיט דער כּלה
די גאנצע פאמיליע,
צופריעדען איז יעדער
נור וואס איז דאס היינט,
די מאמע, זי וויינט
מיט שטילע טרערען,
ס׳קען קיינער הערען
זיי געזונד,

ליבּעס קינד

גערה מיט גליק פון מיר אַצינד.

דו אַליין
קינד דו מיין
וועסט שוין פרוי און מוטער זיין. (אַלע אָב)

(זעהט זיך אין שפּי־
געל אַלס כּלה אין
חופּה קליידער).

* * *

## אויפטריט אדאלף, בערטא.

אַדאָלף : (יאָגט זיך נאָך איהר).

בּערטאַ : וואָס ווילט איהר?

אַדאָלף : פרייליין בּערטאַ, איך מיין נישט קיין שפּאַס, איך בּין אין אייך ערנסט פערליבּט און כ'בּין גרייט אַפילו היינטיגען טאָג מיט אייך חתונה האָבען.

בּערטאַ : איהר... חתונה האָבען מיט מיר?

אַדאָלף : פרייליין בּערטאַ, איך בּין אַ מאַלער, אַ קינסטלער, אַ מענש, וועמען עס שטעהט פאָר אַ גרויסע קאַריערע, און איהר וועט בּיי מיר גליקליך זיין!

בּערטאַ : איך ווייס נאָך נישט צו ס'ם וועט מיר זיין גוט בּיי אייך, און איהר רעדט שוין פון גליק, איבּערהויפּט טאָר מען אַ מאַנסבּיל נישט גלויבּען. איבּריגענס, רעדט איבּער מיט'ן העררן, אָט געהט ער. (אָב)

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד : (קוקט פערדעכטיג אויף זיינע האָר) וואָס האָט איהר געוואָלט?

אַדאָלף : איך האָבּ געוואָלט מיט אייך איבּערערען אַ וויכטיגע זאַך.

זיגמונד : אַ וויכטיגע זאַך?

אַדאָלף : הערט, איך בּין פערליבּט אין אייער מיידעל.

זיגמונד : ווען איז דאָס געוואָרען? היינט?

אַדאָלף : שוין נישט פון היינט.

זיגמונד : שוין נישט פון היינט? (צו זיך) דאָס איז „לעבּעדיג", זאָגט רעם אמת זענט איהר לעבּעדיג? (כאַפּט איהם אָן)

אַדאָלף : וואָס דען בּין איך געשטאָרבּען?

זיגמונד : גיט נור אַ קוק, דער פּאַריק זיצט דאָך אויף אייך קרום? (רייסט איהם בּיי די האָר).

אַדאָלף: אוי! וואָס רײַסט איהר?! איהר מײנט מײַן קאָפּ איז פון וואורשטען־פלײש?

זיגמונד: זענט איהר לוסטיג?

אַדאָלף: ווי קען איך זײַן לוסטיג, אַז איהר רײַסט מיר די האָר פון קאָפּ? אוי מײַן קאָפּ!

זיגמונד: וואָס זשע האָט איהר דאָ פריהער געזאָגט וועגען מײדעל?

אַדאָלף: איך האָב זי ליעב.

זיגמונד: איהר האָט זי שוין אויך ליעב? (האַפּט א טאַץ)

אַדאָלף: וואָס זשע? איהר האָט זי שוין אויך ליעב?

זיגמונד: וועמען?

אַדאָלף: אײַער מײדעל!

זיגמונד: וועלכעס מײדעל?

אַדאָלף: דאָס ריענסט־מײדעל.

זיגמונד: (לעגט אַוועק די טאַץ) וואָס זשע רעדט איהר מיט אַ האלב מויל? איהר האָט זי טאַקי ליעב? נו, פון מײַנעט וועגען...

אַדאָלף: איך דאַנק אײַך.

זיגמונד: אָבער באַלד. וואַרט נור אַ מינוט, איהר זענט אַ מאַלער? אַ מאַ־לער וויל איך נישט! אַלץ יאָ, נור נישט קײן מאַלער!

אַדאָלף: פאַר וואָס זשע נעמט איהר אַנ׳אײדעם אַ מאַלער?

זיגמונד: ווער זאָגט דאָס?

אַדאָלף: איך זאָג דאָס?

זיגמונד: איהר האָט אַ טעות, מײַן אײדעם וועט זײַן בערנאַרד שאַץ... טפּו זאָל ער ווערען דער שאַץ, קאַן מײַן איך — אַ קאָמערסאַנט, אָבער נישט קײן מאַלער.

אַדאָלף: אָבער וואָס אַרט עס אײַך, אַז בערטאַ וועט נעמען אַ מאַלער?

זיגמונד: יונגער־מאַן! איך האָב אײנמאָל געזאָגט!!!

אַדאָלף: ווילט איהר זיך מיט מיר אויך צוקריגען? הערט זשע: ביז אַהער האָט איהר געהאַט צו טוהן מיט לעבעדיגען, איז בײַ אײַך שוין געוועהן אײנמאָל לעבעדיג, אַצינד האָט איהר מיט מיר אָנגע־הויבען, יועט שוין בײַ אײַך זײַן לעבעדיג און לוסטיג, אַז עס וועט געהן אַ רויך.

זיגמונד: יונגער־מאַן! אַרויס פון מײַן שטוב!! (יאָגט איהם מיט דער טאַץ)

אַדאָלף: אַהער די טאַץ! (האַפּט אַרויס די טאַץ און אַנטלויפט).

## אויפטריט סעמקע.

זיגמונד: (שלאָגט זיך אין איהם אָן) איהר זענט שוין ווידער דאָ? (האַלט זיך ביי דער זייט).

סעמקע: (דרעהט זיך אוים און לאַכט):

זיגמונד: וואָס ווילט איהר?

סעמקע: (מאַכט אַ טרויעריגע מינע) איך בין געקומען נעמען אָבשיעד פון אַנאַ, איך פאָהר היינט אַוועק.

זיגמונד: אַזוי? איהר פאָהרט אַוועק? זעהר גלייך, האָט איהר אויף רייזע?

סעמקע: נאָך ווי? איהר דאַרפט וויסען, אַז איך האָב בעקומען אַ רייכען שווער און אַ כלה מיט אַ סך נדן.

זיגמונד: טאַקי? זעהר גלייך (האַלט זיך פאַר דער זייט) פאָהרט איהר נאָך היינט אַוועק? (קלינגט) בערטאַ!

## אויפטריט בערטא.

זיגמונד: (קוקט אויפ'ן זייגער) מיין הוט און שטעקען! זיצט.

סעמקע: דאַנקע!

זיגמונד: איך דאַרף אַוועקגעהן, בערטאַ, רוף אַריין די פריילין אַנאַ (ווינקט צו איהר זי זאָל אויף זיי אַכטונג געבען) גליקליכע רייזע! (אָב. האַלטענדיג זיך ביי דער זייט).

בערטאַ: וואָס האַלט ער זיך עפּעס פאַר דער זייט?

סעמקע: איך האָב איהם געמאַכט אַ מאַסאַזש. (אָב זינגענדיג האָב איך איהם געמאַכט אַ מאַסאַזש, אַ מאַסאַזש א. ז. וו.

בערטאַ: (קוקט אין שליסעל לאָך)

## אויפטריט בערנארד.

בערנאַרד: (גיט אַ הוסט).

בערטאַ: (דערשראָקען) ע... איך פוץ... דאָס זענט איהר? און איך האָב געמיינט דער הערר.

בערנאַרד: איז דער הערר לעבעדיג דאָ?

בערטאַ: יאָ. (ווייזט מיט מימיק ווי זיי קושען זיך)

בערנאַרד: (קלאַפּט אַין טיהר).

אנא: (פון צווייטען צימער) ביטע. (בערנאַרד אָב)

בערטא: ער איז מיר עפּעס געוואָרען צו פיעל גוטער ברודער מיט סעמקען, איך האָב מורא, אַז דאָ וועט זיך פערקאָכען אַ פרישע קאַשע.

## אױפטריט זיגמונד.

זיגמונד: (מיט מימיק) וואו, איז ער?

בערטאַ: דאָרט.

זיגמונד: עס האָט מיך אָבער געצװינגען צוריק! איך האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט, דו זאָלסט איהם נישט צולאָזען צו איהר!

בערטאַ: וואָס האָט איהר מורא? בערנאַרר איז דאָך אויך דאָרט!

זיגמונד: (צופריעדען) בערנאַרד איז אויך דאָרט? בערטאַ! געה אַריין זאָג אַנאַ'ן,—נור ער זאָל נישט הערען,—אַז זי זאָל איהם אָבפּאַרטיגען, איינס, צוויי, און אַוועקשיקען, עס פּאַסט נישט פאַר בערנאַרד'ן.

בערטאַ: גוט. (אָב)

## אױפטריט אמאליע.

זיגמונד: נו אַמאַליע, וואָס וועסטו אצינד זאָגען? זעהסטו שוין, אַז איך בין נישט קיין משוגענער? ער פאָהרט היינט אַוועק!

אמאליע: ווער? בערנאַרד?

זיגמונד: ניין, לעבעדיג!

אמאליע: אַ גדולה האָט דיך געטראָפען, ער פאָהרט אַוועק, וועסטו בלייבען ביי דיין שוסטערשען אײדעם—הערר בערנאַרד קאַן, און דיין טאָכטער וועט הייסען „מאַדאַם קאַצענכע די שוסטערקע"—נו, יאָ, אָדער אַ דאָקטאָר אָדער אַ שוסטער!

זיגמונד: (אין אַ פערלעגענהייט) אַ שוסטער? אָבער עס מאַכט נישט אויס, בערנאַרד איז טאַקי נישט קיין דאָקטאָר, אָבער דאָס איז בעסער, וועט ער נישט שטאָלצירען קעגען מיר.

אמאליע: וואָלט נישט אַם גלייכסטען געװעהן סעם?

זיגמונד: אַמאַליע, איך בעט דיך, דו זאָלסט מיר נישט רעדען פון רעם קבצן.

אמאליע: סעם איז אַ קבצן און ער איז אַ גביר?

זיגמונד: (צו זיך) ער איז טאַקי נעבעך אויך אַ קבצן, אָבער וואָס דאַרפען מיר רעדען, אַז ער געפעלט אַנאַ'ן, וועסט זעהן, אַז מיט דער צייט וועט זי איהם נאָך זעהר ליעב בעקומען.

## אויפטריט סעמקע, אנא, בערנארד.

אנא: (אַנאַ צו סעמקען) מיַין הערר, איך וויל פון אײַך אַזעלכע ווערטער ניִשט הערען איִן טאָג פון מײַן פערלאָבונג, און וואָס איִהר דערצעהלט מיִר וועגען אײַער צעבראָכען האַרץ, איִז מײַן חתן (ווייזט אויף בערנאַרד'ן) גענוג רײַך צו בעצאָהלען פאַר אַ צעבראָכען האַרץ.

בערנאַרד: פערשטעהט זיִך... איִך... (קוקט אויף זיגמונד'ן) וואָס טוהט מען שווער?

זיגמונד: אפיִלו פאַר 3 צעבראָכענע הערצער, איִז ער אומשטאַנד צו בעצאָהלען, ער איִז זיִגמונד געלדזאַק'ס אנ'אײַדעם און קען זיך אַלץ ערלויבען.

בערנאַרד: געוויִס אַזוי! וויִפיִעל זשע דאַרף איך אײַך בעצאָהלען פאַר אײַער צעבראָכען האַרץ? 5000 וועט זײַן גענוג?

סעמקע: (ווישט די אויגען) אײַך איִז גריִנג צו זאָגען 5000, דערמיִט מײַנט איִהר, וועט איִהר קענען גאַנץ מאַכען מײַן צעבראָכען האַרץ. (חליפּעט)

אַמאַליִע: אַנאַ! ווי אַזוי קענסטו דאָס?

אנא: מאַמאַ, איִך בעט דיך, מיִש זיִך ניִשט!

אַמאַליִע: ס'איִז מיִר אַ רחמנות אויף איִהם, איִך קען דאָס ניִשט צוזעהן. (אָב)

בערנאַרד: מיִר, הערר זיִגמונד געלדזאַק'ס צוקינפטיִגען אײַדעם שטעהט ניִשט אָן אויסצוהערען פון אײַך אַזעלכע טענות, שווער לעבען, גיִט איִהם 8 טויזענד רובל.

זיִגמונד: 8 טויזענד רובל... ע... די מיִנוט. (אָב)

אלע: (פלאַצען אַרויס אין אַ געלעכטער).

סעמקע: נו, מען דאַרף צו גרייטען אַ קעשענע.

אנא: איִך גלויב נאָך ניִשט אַז ער גיִט שוין.

בערנארד: דאָס מאָל וועט ער שוין געבען. ס'וועט איִהם ניִשט אָנשטעהן פאַר מיִר זײַן וואָרט ניִשט צו האַלטען.

## אויפטריט זיגמונד.

זיִגמונד: בערנאַרד איך האָב אַרויסגענומען פון דײַן קאַסעטקע 8000 רובל.

בערנארד: פון וועלכער קאַסעטקע? ווי קומט צו מיִר אַ קאַסעטקע?

זיגמונד : (ווינקט צו איהם, גיט סעמקען א טשעק) דאָ האָט איהר אַ טשעק איף 8 טויזענד רובל און דאַנקט מײַן אײַדעם פאַר זײַן גוט הארץ. (אָב)

אַלע : (בויגען זיך צו דער ערד און לאַכען)

סעמקע : האָבען מיר שוין אויסגעפיהרט דעם ערשטען טײל פון אונזער פּלאַן, אַצינד דאַרף מען זיך נעמען צום צווײטען, אַ פאַבריק האָב איך שוין. (מעסט זיך צו אַ פאַבריק די זעלבע האָר וואָס בערנארד׳ס)

בערנארד : הײַסט עס, אַז צו לײגען צו דעם געשעפט וועל איך שוין נישט ?

סעמקע : יאָ, יאָ, אײַער פּראָוויזיאָן איז שוין געזיכערט!

בערנארד : איך שטעל מיר פאָר, וואָס אײַער פּאַפּאַ וועט זאָגען, ווען ער וועט זיך אַלץ דערוויסען.

אנא : און דו האָסט געמעגט זעהן, ווי מײַן מאַמאַ האָט אויף דיר מיטלײַד געהאַט. (אַלע לאַכען)

# אויפטריט אדאלף.

אדאָלף : איהר לאַכט ? בײַ אײַך איז לעבעדיג ?

אנא : און בײַ אײַך איז לוסטיג ?

סעמקע : זײַט בעקאַנט ! אַדאָלף לוסטיג, בערנארד קאַץ.

אדאָלף : דאָס איז ער, דײַן שווער׳ס אײַדעם ? זעהר אַנגענעהם.

בערנארד : (לאַכט שטאַרק) אוי איך האַלט עס נישט אויס.

אדאָלף : אויס וועמען לאַכט איהר ?

בערנארד : איך לאַך אויס איהר טאַטען. (אָב לאַכענדיג)

אדאָלף : ער לאַכט שוין אויך אויס אײַער טאַטען ? ווי ס׳ווײַזט אויס איז בײַ אײַך שוין אַלץ גוט געוואָרען ?

סעמקע : אין גאַנצען גוט געוואָרען, איז נאָך דערווײַל נישט אָבער מיר קענען שוין זאָגען, אַז דער זיעג איז אונזערער!

אנא : אַז מיר האָבען טריאומפירט.

## 17. טערצעט.

אלע : הכלל מיר האָבען טריאומפירט
בײַם טאַטען אַלרינג אויסגעפיהרט
אַצינד וועט ער בעשטעהן
נישט קענען זאָגען „נײַן"
איין ברירה בלײַבט איהם זאָגען „יאָ"

געקומען איז אַצינד די שעה
מיר וועלען פראַנק און פריי
זיך ליעבען אויף דאָס ניי

אנא: ער וועט שוין מעהר נישט יאָגען דיך
אויפהערען שוין צו פּלאָגען מיך
מיין ליעבער אייערעם רופט דיך ער
און דו רופסט איהם מיין ליעבער שווער

אדאָלף: פון מיין זייט קען איך ווינשען דיר
ווי האַלט עס שוין אַזוי ביי מיר
אַז בערטאַ זאָל שוין ווערען מיין
ווי גליקליך וואָלט איך זיין!

סעמקע: מיין פריינד דו דאַרפסט נישט זאָרגען זיך
אויך בערטאַ וועט זיין דייגע גיך
אויף אונזער זייט איז שוין דער זיעג
איך שווער, ווי איך היים „לעבעדיג"

אלע: מיר האבען יעצט שוין טריאומפּירט
ביים טאַטען אַלרינג אויסגעפיהרט
יאָ לוסטיג זיין, דאָס דאַרפען מיר
און לעבעדיג גאָר אָהן אַ שיער,
לעבעדיג און לוסטיג זעהר
דאַרפען מיר יעצט זיין וואָס מעהר,
יאָ מעהר וואָס מעהר. (טאַנצען אָב)

**אויפטריט בערטא.** (קוקט אין שליסעל לאָך) **אויפטריט זיגמונד.**

זיגמונד: (שטעלט זיך הינטער איהר) בערטא דו פּוצסט די שלעסער? חע חע־חע.

בערטא: (לאַכט מיט) חע־חע־חע.

זיגמונד: אָבער וואָס זעהסטו דאָרט? חע־חע, יונגע קינדער האַ? אָבער זאָג מיר, איז מעגליך דורכ'ן שליסעל־לאָך עפּעס זעהן?

בערטא: אַלרינג.

זיגמונד: אַלרינג, חע־חע־חע וואָס אַלרינג?

בערטא: ע... ע... גאָר נישט.

זיגמונד: איך גלויב נישט, אַז דורך אַזאַ קליינעם שליסעל־לאָך, זאָל מען קענען עפּעס זעהן, איך וויל אינמיסטען אַ קוק טוהן. (קוקט)

## אויפטריט אדאלף.

אַדאָלף: (ווינקט זיך איבער מיט בערטאַ'ן) וואָס שטעהט איהר!!! הערר זיגמונד?

זיגמונד: (שפרינגט אָב פערשעמט)

בערטא: ער פוצט די שלעסער. (אָב)

זיגמונד: איהר זענט שוין ווידער דאָ?

אַדאָלף: איהר זעהט דאָך.

זיגמונד: וואָס ווילט איהר?

אַדאָלף: וויסען צו איהר בעשטעהט אויפ'ן שידוך.

זיגמונד: מיט אַ מאלער קיינמאָל נישט!

אַדאָלף: הערר געלרזאַק, איך זאָג אייך גאַנץ ערנסט, איך וויל בערטאַ'ן פאר אַ כלה.

זיגמונד: און איך וועל זי אייך נישט געבען.

אַדאָלף: איהר ווילט מיר נישט געבען בערטאַ'ן?

זיגמונד: ניין.

אַדאָלף: גיט זשע מיר אייער טאָכטער.

זיגמונד: יונגער-מאַן, איך וואָרען אייך, איהר וועט ביי מיר האָבען דעם זעלבען סוף וואָס לעבעדיג!

אַדאָלף: דאָס זאָג איך דאָך, גיט מיר אייער טאָכטער, וועל איך האָבען דעם זעלבען סוף וואָס לעבעדיג.

זיגמונד: וואָס?

אַדאָלף: דאָס!

זיגמונד: ווי האָט איהר די טאַץ?

אַדאָלף: די טאַץ האָב איך ביי אייך גענומען אַלס דרשה געשאַנק, נור. אויף מיין התונה וועט איהר זי קענען אוים בייטען אויף עפּעס אַנדערש.

זיגמונד: (קלינגט).

## אויפטריט בערטא.

זיגמונד: בערטאַ! ווייז דעם הערר די טיהר.

בערטאַ: (מאַכט אַ שטרענג געזיכט) מיין הערר דאָ איז די טיהר (פיהרט איהם מיט'ן פינגער ביז דער טיהר).

זיגמונד: (טייטעלט מיט'ן פינגער אויף איהם, אָב).

אדאָלף, בערטאַ: (טאַנצען צוריק אריין מיט אַ געלעכטער).

אדאָלף: בערטאַ פאָלג מיך, זאָל זײַן אין אַ מולדיגער שעה, קלאַפּ צו צום שידוך און זאָג יאָ.

בערטאַ: איך קען נישט, דער הערר האָט מיר פערשפראָכען נדן מיט דעם בעדינג, אַז איך זאָל נישט נעמען קײַן חתן אָהן זײַן אײַנווילליגונג.

אַדאָלף: איהר גיט מיר נור די כלה, וועגען נדן וועל איך זיך שוין זאָרגען.

בערטאַ: ווילט איהר מיך אָהן נדן אויך?

אַדאָלף: איך נעם דיך ווי דו שטעהסט און געהסט!

בערטאַ: אויב אַזוי בעשטעה איך.

אַדאָלף: אצינד נעם אַרום דײַן חתן, און גיב איהם אַ הײַסען קוש.

בערטאַ: איך שעם זיך.

אַדאָלף: וועל איך דיר געבען צו פערזוכען אַ קוש, ויעסטו וויסען וואָס פאַר אַ טעם עס האָט? (קושט זי) נו? וואָס פאַר אַ טעם האָט עס?

בערטאַ: איך... ווייס נישט.

אַדאָלף: דו ווייסט נישט? פערזוך זשע נאָך אַ מאָל. (קושען זיך)

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד: (קומט זיך בײַם שפיגעל דערזעהט זיי) וואָס? מיט איהם? בײַ מיר אין שטוב? אַרויס! (יאָגט איהם און וואַרפט איהם נאָך אַ בערשטעל)

אַדאָלף: (הייבט אויף דאָס בערשטעל און לויפט אָב דערמיט).

זיגמונד: גיט אהער דאָס בערשטעל! איך האָב דאָ צו טוהן מיט גנבים, מיט רויבער! זיי וועלען מיר אין קורצען די גאַנצע שטוב אויסליידיגען! הער זשע בערטאַ! אויב דו וועסט איהם נעמען פאַר אַ חתן, וועסטו: ערשטענס, קײַן גראָשען נדן ניט בעקומען, צווייטענס, זאָלסטו זיך שוין אין מײַן שטוב נישט געפינען! וואָס שטעהסטו?! אַרויס! (בערטאַ אָב) איך וועל זיי שוין אַלעמען אָנלערנען. (אָב)

## אויפטריט בערנארד.

בערנאַרד: (קוקט אין פענסטער)

אנאַ: (אנאַ אין טיהר) איהר זעהט איהם שוין?

בערנאַרד: דערווייל נישט, אַז ער וועט קומען, וועל איך אײַך צו וויסען געבען.

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד: (בײַ דער טיהר) דאָס ביסטו בערנאַרד? עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז לוסטיג איז געקומען, וואו געהסטו?

בערנאַרד: איך געה אין מיין צימער.

זיגמונד: פאַר וואָס זיצסטו נישט דאָרט מיט אַנאַ'ן?

בערנאַרד: איך...

זיגמונד: האָט איהר דען גאָרנישט וואָס צו רעדען צווישען זיך?

בערנאַרד: יאָ... איך...

זיגמונד: דו שעמסט זיך? ווען איך בין געווען אין דיינע יאָהרען, האָב איך זיך אויך געשעמט, נו... נו... שעם זיך נישט, געה אריין צו איהר. איך דאַרף מיט דיר עפּעס רעדען. נו וועלען מיר שוין שפּע־טער רעדען. געה אַריין צו איהר. (אָב)

## אויפטריט סעמקע.

סעמקע: (פערקלייידעט אַלס בערנאַרד) נו אין אָרדנונג?

בערנאַרד: אַלס אין אָרדנונג, דאָ האָט איהר דעם שליסעל פון מיין צימער. (אָב צו זיך אין צימער)

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד: נו, בערנאַרד, געה אַביסעל אַריין צו דיין כלה (שטופּט איהם אונטער) נו, זיי נישט קיין שלי'מזל'ניק, געה שוין אַריין! (סעמקע אָב)

זיגמונד: (קוקט אין שליסעל־לאָך).

## אויפטריט בערנארד.

בערנאַרד: (זעהט זיגמונד'ן לאַכט און געהט שטיל אָב).

זיגמונד: (קוקענדיג אין טיהר) אוי איז דאָס אַ בחור! זעהט, ווי ער קושט זי! חע־חע־חע ער וועט זי נאָך דערדריקען! אָ! אָ! אַנאַ קען אויך דאָס עסק, זעהסט אַ גנב! ווי זי האַלזט איהם! ווי זי קושט איהם! (געהט אַוועק פון טיהר) אוי קינדערלעך, קינדערלעך, געזונד און שטאַרק זאָלט איהר מיר זיין. (אָב)

## אויפטריט בערנארד.

בערנאַרד: (קוקט אין זיגמונד'ס צימער, דערנאָך קלאַפּט ער אין אַנאַ'ס צימער).

## אויפטריט סעמקע, אנא.

סעמקע: נו? האָט ער שוין מיט אייך גערעדט וועגען געלד?

בערנאַרד: דערווייל נאָך נישט!

סעמקע: אָבער ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט מיט אייך היינט רעדען?

בערנאַרד: אַזוי האָט ער געזאָגט.

סעמקע : הערט זשע, איך וועל זיין אין אייער צימער, וועט איהר מיך דארפען, זאלט איהר מיך ארויסרופען.

אנא : איך האב מורא מען זאל דיך נישט פערשליסען.

סעמקע : האב נישט קיין מורא, דער שליסעל איז ביי מיר.

בערנארד : דאכט זיך, ער וועט שוין פערזאגען א צעהנטען, מיט אייך נישט אנצוהויבען. (עס הערט זיך זיגמונד'ס שטימע) געהט אין אייער צימער, איך בלייב דא. (אנא, סעמקע אב)

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד : ביסט דא בערנארד? זעהר גוט, זיך. (זיצען) ווי איך האב דיר שוין געזאגט, שטעהט מיר נישט אן, די וועלט זאל וויסען, אז איך האב גענומען אנ'ארעמען איידעם, דערפאר וויל איך דיר געבען א געוויסע סומע, דו זאלסט עס אוועקלייגען אין באנק אויף דיין נאמען, נור קיינער דארף דערפון נישט וויסען. מיין פרוי און אנא טארען עס אויך נישט וויסען!

בערנארד : יא, אנא האט מיך שוין געפרעגט אויב איך האב געלד.

זיגמונד : וואס האסטו איהר געזאגט?

בערנארד : איך האב געזאגט אז איך האב געלד, נור זי האט זיך געהייסען ווייזען,

זיגמונד : נו היינט וועסטו איהר שוין קענען ווייזען, איך וועל דיר געבען 10.000 רובל, און...

בערנארד אפשר וועט איהר מיר קענען געבען 12.000? איהר פערשטעהט, איך האב אנא'ן שוין געזאגט, אז איך האב 12.000

זיגמונד : ווארט זשע צו א מינוט, וועל איך ארייננברענגען, אבער דו האסט זי שטארק ליעב? דו גנב איך האב געזעהן. (אב)

## אויפטריט סעמקע.

סעמקע : נו וואס הערט זיך?

בערנארד : בלייבט דא, ער וועט באלד אריינברענגען 12.000 רובל. (אב)

סעמקע : (זעצט זיך צום טיש, בעהאלט דאס געזיכט אין די הענד).

## אויפטריט זיגמונד.

זיגמונד : נא דיר, דאס האסטו מיין זוהן, וואס זיצסטו עפעס אזוי?

סעמקע : איך האב קאפ-וועהטאג.

זיגמונד: לײג צו די 12 מױזענד, װעט דיר בעסער װערען. (קלאַפּט איהם ליעבליך אין פּלײצע).

סעמקע: (נעהמט דאַס געלד און געהט אין אַנאַ׳ס צימער).

זיגמונד: װאוהין געסטו?

סעמקע: צו אַנאַ׳ן. (אָב)

זיגמונד: דער קאָפּ טהוט איהם װעה, ער איז פּערליעבט, חע־חע! װען איך בין געװעזען אַ יונגערמאַן, האָט מיך אױך דער קאָפּ װעה געטהון. (געהט צו צו דער טיהר).

סעמקע: (שטעקט ארױס דעם קאָפּ, קוקט איהם נאָך).

בערנאַרד: (שטעקט אַרױס דעם קאָפּ, רופט סעמקען) פּסט... פּסט...

זיגמונד: (דרעהט זיך אױס) האַ! װער האָט עס געפּיסטעװעט?

בערנאַרד: דאַס בין איך, שװער לעבען.

זיגמונד: ע... ע... (קוקט אין אַלע זײטען) האָסט דאָך געװאָלט געהן צו אַנאַ׳ן

בערנאַרד: איך דאַרף עפּעס שרײַבען.

זיגמונד: האָסט מיר געװאָלט עפּעס זאָגען?

בערנאַרד: איך? נײן! (אָב)

זיגמונד: (געהט)

סעמקע: (רופט בערנאַרד׳ן) פּסט... פּסט...

זיגמונד: װער פּיסטעװעט שױן װידער?

סעמקע: איך, שװער לעבען.

זיגמונד: האַ! (קוקט װי צעמישט) האָכט שױן אָבגעשריבען? איך האָב דיך גאָר נישט געזעהן צוריק געהן.

סעמקע: און איך האָב אײַך יאָ געזעהן.

זיגמונד: דו האָכט מיך גערופען?

סעמקע: איך? אײַך? נײן!

זיגמונד: און מיר האָט זיך אױסגעװיזען... (קוקט איהם אָן) כ׳האָב הײַנט גענומען אַנ׳איבּריג בּיס׳ל װײַן.

סעמקע: מ׳זעהט עס, איהר װײסט נישט װאָס עס טהוט זיך מיט אײַך.

זיגמונד: נו מען דאַרף זיך געהן צוגרײטען, די געסט װעלען זיך באַלד צוזאַמענקומען. (געהט)

בערנאַרד: (שטעקט אַרױס דעם קאָפּ) פּסט... פּסט...

זיגמונד: איך הער דאָך פּאַרט פּיסטעװען, דו רופסט עמיצען?

סעמקע: איך רוף קײנעם נישט, איך פּיסטעװע גלאַט אַזױ פאַר זיך, איהם מײנט אַז װען מען הערט אַ פּסט... מוז מען זיך אומקוקען?

זיגמונד: און איך האָב געמיינט אַז דו רופסט מיך.

סעמקעָ: איך? ניין. (אָב)

(דאָ קען סעמקעָ זינגען אַ קופּלעט).

## אויפטריט אמאליע.

זיגמונד: נו אַמאַליעָ, דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז בערנאַרד איז אַ קבצן, אַ יאָ אַ קבצן? שטעל דיר פאָר, אַז דער קבצן האָט 12 טויזענד אין באַנק!

אמאליעָ: וואָס העלפען זיינע 12 טויזענד רובל, אַז אונזער קינד וועט מיט איהם נישט גליקליך זיין.

זיגמונד: חע-חע-חע... נישט גליקליך זיין! האָסט געמעגט זעהן, ווי זי האָט איהם פריהער געקושט! געהאַלזט! איך בין געשטאַנען אונטער דער טיהר און איך האָב געקוואָלען פאַר נחת. אָט קומען זיך שוין צוזאַמען די געסט.

## אויפטריט געסט.

18. כאר:

מיט גליק, מיט גליק, מיט גליק זאָל זיין
דאָס יונגע פּאָר קומט באַלד אַריין.
מיר גראַטולירען דאָ אַלע זיי אַצינד (
און ווינשען גליק און פיעל געזונד. ( בים.
אַלע זאָרגען
לאָזט אויף מאָרגען
גיסט אָן די גלעזער ווייַן,
פערגעסט אין ליידען
און דענקט אין פריידען
נור פרעהליך לאָמיר זיין.
נו לאָמיר אַלע פרעהליך זיין
און טרונקען וואָס מעהר ווייַן,
טרונקען אויף דעם גליק (בים)
פון דעם יונגען פּאָר.
הידר! הידר!

אלע: מיר גראַטולירען!

זיגמונד: זיצט, מײַנע ליעבע געסט, אמאליע, וואו איז אנא?
אמאליע: איך האב מורא, זי וועט נישט וועלען אריינקומען.
זיגמונד: וואס פעלט דיר איין, אט איז מיין טאכטער מיט'ן חתן!

## אויפטריט אנא, בערנארד, בערטא, אדאלף, סעמקע.

אלע: מיר גראטולירען!
אנא—סעמקע: מיר דאנקען אייך, זייט ווילקאמען.
בערנארד: הערר געלדזאק, איך וויל מיט אייך עפעס רעדען.
זיגמונד: רעד מיין זוהן.
בערנארד: איך וויל אייך עפעס וויכטיגעס זאגען.
זיגמונד: זאג מיין זוהן.
בערנארד: וואס מיר זוהן, ווען זוהן, איך וועל מיט אייער טאכטער נישט חתונה האבען!
זיגמונד: וואס? ! פאר וואס?
בערנארד: ווייל ערשטענס געפעהלט מיר נישט דער שידוך—אייער טאכ- טער האט גאר ליעב דעם מאלער, און צווייטענס, קען איך מיט אייער טאכטער נישט חתונה האבען ווייל...
אלע: ווייל...
בערנארד: ווייל איך האב שוין א פרוי מיט צוויי קינדער.
אלע: וו—א—ס?!
בערנארד: בערוהיגט אייך, דאס איז דער ריינער אמת.
זיגמונד: און די 12 טויזענד האט איהר ביי מיר אויסגענארט?
בערנארד: וועלכע 12 טויזענד?
זיגמונד: וואס איך האב אייך פריהער געגעבען!
בערנארד: מיר האט איהר געגעבען?
סעמקע: (טרעט ארויס) אפשר מיר, שווער לעבען?
זיגמונד: דו... דו... (צו זיך) דאס הייסט א קאפ!
אמאליע: פאלג מיך זיגמונד, אונזער אנא האט איהם ליעב, שעהן איז ער, קלוג איז ער, געלד האט ער שוין אויך.
סעמקע: יא, 20.000 רובל.
זיגמונד: אזוי! אנא האט איהם ליעב? זאג זשע מיר אנא, פאר וואס האסטו זיך מיט איהם געקושט? (ווייזט אויף בערנארד'ן)
אנא: מיט איהם האב איך זיך געקושט?

סעמקע : אפשר מיט מיר, שוועך לעבען.

זיגמונד : מיר דיר! חע-חע, אזוי האָכטו אצינד 20 טויזענד רובל?

סעמקע : נישט 20 נור 18! צוויי טויזענד קומט איהם פאַר זיין אַרבייט. (ווייזט אויף בערנאַרד'ן).

זיגמונד : 18 טויזענד איז אויך אַ קאַפּיטאַל, אָבער מעהר פון אַלסדינג איז ווערט דיין קאָפּ, אוי האָסטו אַ קאָפּ! (נעהמט איהם פאַר די האָר, דער פאַריק בלייבט ביי איהם) קינדער זייט גליקליך! (פיהרט זיי צוזאַמען) בערטאַ! ברענג וויין!

אַדאָלף : בערטאַ וועט נישט געהן, ביז איהר וועט מיך נישט אנ'ערקע- נען פאַר איהר חתן.

זיגמונד : איהר זענט אויך דאָ?

אַדאָלף : העדר זיגמונד, פאַר וואָס ווילט איהר שטערען מיין גליק? איהר ווילט נישט קיין מאַלער, האָב איך אַוועקגעוואָרפען דאָס מאַ- לעריי און בין געוואָרען אַ קאָמערסאַנט.

זיגמונד : זענט איהר אַ קאָמערסאַנט? וועט איהר נישט זיין איהר חתן.

אַלע : פאַר וואָס?

זיגמונד : מיר געפעהלט נור אַ מאַלער, חאַ-חאַ-חאַ! (אַלע לאַכען)

אַדאָלף : בין איך צוריק אַ מאַלער.

זיגמונד : זייט גליקליך, קינדער! (פיהרט זיי צוזאַמען)

בערטאַ : אַצינד געה איך נאָך וויין.

סעמקע : ניין, נאָך וויין וועלען מיר געהן, קום לוסטיג! (ביידע אָב)

זיגמונד : דו, בערטאַ, בעקומסט ביי מיר אַ דאָפּעלטען נדן.

בערנאַרד : נו און איך?

זיגמונד : איהר בלייבט מיין שטענדיגער בוכ —

אַלע : בוכ—האַל—טער!

## אויפטריט סעמקע, אדאלף.

סעמקע : (טראָגט אַ טאַץ, אויף איהם אַ שירם, אַ צילינדער, אַ בערשטעל און אַ רעוואָלווער)

אַדאָלף : (טראָגט אַ טאַץ וויין)

אַלע : וואָס איז דאָס?

סעמקע : דאָס איז דער צילינדער, דער רעוואָלווער, דאָס בערשטעל און די טאַץ, וואָס מיר האָבען אייך פערשפּראָכען אָבצוגעבען ווען איך וועל ווערען אייער איידעם...

אַדאָלף : און איך בערטאַ'ס חתן.

אלע: (נעהמען גלעזער וויין)

סעמקע: איך טרינק פאַר אונזער גליק!

זיגמונד: עס זאָל ביי אונז שטענדיג זיין —

אלע: לעבעדיג און לוסטיג!

# אנסאמבל.

אלע:

הויבט די גלעזער הויך א. ז. וו.

פאָרהאנג.

(דער פאָרהאַנג הויבט זיך ווידער אויף, אַלע זינגען):

אַלע: קאָפּ קאָפּ קאָפּ און ז. וו.

פאָרהאנג.

## ענדע.






**ביהנע־פּלאַן פון אלע 4 אקטען.**

דורך דער צייט וואָס די אָפּערעטע האָט זיך גע־
דרוקט איז זי אויפגעפיהרט געוואָרען אין
פאָלגענדע ערטער:

לאָדז: אין ה' זאַנדבערג'ס טעאַטער, יעליסאַוועט
גראַד, אַלעקסאַנדראָווסק: אין ה' ברוינ'ס טרופּע.
קאָוונאָ, פּאָנעוויעזש, דווינסק, ליבאַווא, ווינדאַווא,
מיטאַווא: אין ה' ליפּאָווסקי'ס טרופּע

# וויכטיגעס פאר יודיש־טעאטער!

ל. בוימוואל. „לעבעדיג און לוסטיג” אפערעטא אין 4 אקטען 30 ק׳

שמעון יושקעוויטש, הייראטס־קאמעדיע

(Комедія брака) אין 4 אקטען . . . 40 ק׳

„ „ מיזערער (דער יאוש) א דראמע אין 8

בילדער . . . . . . . . . . 40 ק׳

שייקעוויטש. דער אידישער פאריז א דראמע אין

5 אקטען . . . . . . . . . . 20 ק׳

מיט בעשטעלונגען זיך ווענדען;

Въ книжный магазинъ

БРАТЬЕВЪ БЛЕТНИЦКИХЪ

въ ОДЕССѢ (Скобелева 37).

